יורי סליאָזקין

# אלגא ארג

ראָמאַן

פון רוסיש ב. ריין

פאַרלאַג „רענעסאַנס" וואַרשוי

1 9 2 1

Drukarnia G. PIMENT
Warszawa, Sierakowska 4.

דערנאָך, ווען די נשמה אין פאַריונגערט געוואָרן,
האָט זי הויך, דאָס האַרץ גערופן: ביסטו געשטאָרבן,
וואָס כ'קען דיך אויף דיין אָרט נישט געפונען?
האָט זיך אָפגערופן דאָס האַרץ, וואָס האָט נאָך
אַ ביסל חיות פאַרמאָגט.
זייענדיק איינזאַם, נע ונד און אָן אַ שום טרייסט.
האָט קיין סך שמועסן נישט געקענט
און געזאָגט: אָ בשמה, העלף מיר זיך אויפהויבן.

ליאָפּי דזשאַנבי

# ערשטע טייל

## I

ווייסע ווייכע פליאַכעס שנייי האָבן סודות'דיק, שטיל און שנעל פאַרשפּרייט די ערד. לייכטע שמעטערלינגען האָבן גע-שוועבט אינם בלייכן שיין פונ'ם ווינטערדיקן טאָג. די ברודיקע, אַלעמען פאַרמיאוסטע שטאָט איז, ווי אין אַ לעגענדע, פאַר-וואַנדלט געוואָרן אין אַ שטיל, טרויעריק, פאַרכישופט מקום. די מענטשן זענען געגאַנגען פאַרזשמורעט די אויגן און גע-שמייכלט צו זיך אַליין. די גלעקלעך ביי די שליטנס האָבן פריילעכער געקלונגען. מיידלשע בעקלעך האָבן זיך שעמעוודיק געצרויטלט פון אונטער די, דורכן פראָסט אָפּגעווייסטע, האָר, און ביי די מענער האָבן גוטמוטיק אַראָפּגעהאָנגען די וואָנסעס.

אין אַזאַ טאָג, ווען צו דער שלאָפנדער בת-מלכה קומט דער פאַרליבטער בן-מלך; ווען אויף די פעלדער צעבליען זיך בלאָע בלומעלעך מיט אויגן, ווי די אויגן פון דער געליבטער, וועלכע פאַרמאָגן אין זיך אַן אָפּגלאַנץ פון דער נשמה; ווען די נשמות פון דערטרונקענע בעטן און וויינען איבער זייערע זינד, און ס'ווערט דערפון בלאָער דאָס אייז, און ס'הערט זיך איבערן טייך אַ שטיל געוויש, — אין אַזאַ טאָג האָבן זיך צוויי מענטשן, צוויי אומבאַקאַנטע, באַוויזן אין שטאָט.

זיי זענען, קענטיק, געגאַנגען אָן אַ ציל, פשוט ווו די אויגן טראָגן, נישט גערעכנט זיך מיטן נאָמען פון די גאַסן; אָט האָבן זיי זיך באַוויזן און פלוצים ווידער פאַרשוווּנדן; זיי זענען געגאַנגען, האָבן געלאַכט אָדער געשוויגן, פאַרטראַכטנדיק

זיך, אַזוי ווי מענטשן, וועלכע האָבן זיך אפגעריסן פון זייערע באַשעפטיקונגען און עול, און צום ערשטן מאָל זיך דערפילט פריי.

די ערשטע האָט זיי דערזוען לענאַ און אַפילו זיי נאָכגעקוקט, ווייל זיי האָבן גראָד גערעדט זייער הויך, דאַכט זיך, פראַנצויזיש, און בכלל זיך פאַרהאַלטן פריי. זי קען שווערן, אַז איינער פון זיי האָט איר געזאָגט: „וואָס פאַר אַ ווונדערלעכע אויגן". זי האָט עס געהערט גאַנץ דייטלעך, און זיך געוויס נישט טועה געווען.

יאָ, די ערשטע האָט זיי דערזען לענאַ. זי האָט גלייך באַשטימט, אַז זיי זענען אויסלענדער. זי קען שוין גוט די מענער!

דערנאָך האָבן זיי אַנדערע געזען אויף אַנדערע ערטער. מאַניאַ פאָזשאַראָוואַ, וועלכע ווערט שטענדיק וועגן אַלעמען געוואויר די לעצטע, איז שטענדיק צעשטרייט און פאַרליבט, האָט שפעטער דערציילט, אַז זי האָט „די זעלביקע" געזען ביי אַלבערטן אין קאָנדיטעריי. זיי זענען געזעסן ביי אַ שכנות'דיק טישל און געטרונקען שאָקאָלאַד, אָבער דעמאָלט האָט זי זיי נישט באַטראַכט געהעריק, ווייל זי איז געווען מיט איר זשאָרזשיק, און ווען ער איז מיט איר, זעט זי נישט קיינעמען און גאָרנישט.

נאָך שפעטער האָט זי זיך דערמאָנט, אַז זשאָרזשיק האָט האָט עפעס גערעדט וועגן זיי. אויב זי האָט קיין טעות נישט, האָט ער דערציילט, אַז זיי זענען געפאָרן צוזאַמען מיט אים פון פעטראָגראַד און, אַז עמיצער פון זיי – איז אַ שריפטשטעלער, אָדער אַ מאָלער, און אפשר גאָר אַן אַקטיאָר. נו, פון מאַניאַ'ן וועט מען קיינמאָל גאָרנישט דערגיין.

נאָר איין אָלגאַ האָט וועגן דעם נישט געוווסט. זי איז געזעסן ביי זיך אין צימער און געלייענט פאָעזיע, זי פלעגט שטענדיק לייענען פאָעזיע, ווען ס'האָט זי אַרומגעכאַפּט אַן אומעט, ווען ס'זענען איר נמאס געוואָרן אי די חברטעס, אי די שטרעבונגען אירע, אי די פאַרוויילונגען. אירע קיילעכדיקע אויסגעביילטע גראָע אויגן פלעגן דעמאָלט ווערן העלער, גלייכ-

גילטיק און קאַלט, אַזוי ווי בײַ אַ קאַץ; ס׳גאַנצע פּנים איהר איז שלעכט געוואָרן, אַזוי אַז איהר אַליין איז אומאָנגענעם געווען צו קוקן אויף זיך אין שפּיגל, כאָטש אין אַנדערע טעג האָט זי ליב געהאַט אירע דינע בלייכע שטריכן, די רויטע ליפּן, מיט אויפגעהויבענע שאַרפע ווינקלען, איהר כּיטרע שמייכל, דעם נישט זיכערן גלאַנץ פון די כּסדר זיך בייטנדיקע אויגן.

זי האָט זיך פאַרשלאָסן בײַ זיך אין צימער, זיך אַנידערגעזעצט אין דער באָבעס גרויסן פאָטעל, וואָס זי פלעגט בשתּיקה אין אַזעלכע טעג אַריינשלעפּן צו זיך אין צימער, און איינקאָרטשענדיק זיך, אַרונטערנעמענדיק די פיס, געלייענט.

באַלד איז זי אויפגעשפּרונגען און האַסטיק געשפּאַנט פון ווינקל צו ווינקל, קנאַקענדיק די דינע פינגער, און גע׳חזר׳ט אָן אויפהער, ביז דערשעפּונג אַ נאַרישע פאַרדרייטע פראַזע פון לערמאָנטאָווס אַ פערז:

„אי סקו, אי גרו, אי ניקאָמו רו...

זי האָט זיך געוואָרפן פון איין זייט אין דער צווייטער, איבער׳חזר׳נדיק שנעלער און שנעלער אַלץ ס׳זעלבע, אַלץ סזעלבע:

„אי סקו, אי גרו, אי ניקאָמו רו...

באַזונדערס שטיל זענען די ערב יום־טוב׳דיקע פאַרנאַכטן, אָלגאַ האָט זיך צוגעהערט צום האַסטיקן קלונגען פון די גלעקלעך בײַ די שליטנס, צום סקריפּען פונם שניי אונטער די פיס פון די פוסגייערס, צו די פאַרשטיקטע קולות איבער דער וואַנט, מינוטנווייז האָט זיך איהר געדאַכט, אַז דאָס האָט זיך איהר געדאַכט, אַז דאָס האָט זי נישט אַליין זיך פאַרמאַכט אין איהר צימער, נאָר מען האָט אויף שטענדיק זי פאַרשפּאַרט אין אַן איינזאַמער תּפיסה.

איהר גייסטיקע איינזאַמקייט איז דעמאָלט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פיזישע איינזאַמקייט, און אַ פּחד פאַר דער אַרומיקער פוסטקייט, פאַרן געדאַנק, אַז זי איז אַליין, איינע אַליין און וועט קיינמאָל קיינעמען שוין נישט זיין.

דעמאָלט איז זי געלאָפן צו דער טיר, האָט פיבערהאַפט אָנגעטאַפּט דעם שלאָס און באַרויקט זיך ערשט דאַן, ווען די

טיר האָט זיך אויפגעעפנט און זי האָט דערזען דעם לאַנגן טונקעלן קאָרידאָר, ווו ס'האָט אין עק געשיינט דאָס ליכט פון קיך און ס'האָט זיך געהערט דאָס געלעכטער פון דער דינער־שאַפט.

אַ באַרויקטע האָט זי זיך ווידער אומגעקערט צו דער באָבעס פאָטעל, זיך אַנידערגעזעצט, אָבער שוין נישט אַרונטער־גענומען די פיס אונטער זיך, נאָר אויסגעצויגן זיי און פאַר־וואָרפן די הענט אונטערן קאָפּ.

זי איז אַזוי געזעסן אומבאַוועגלעך און געקוקט דורכ'ן פענצטער אויפן הימל, ווו ס'האָבן זיך אָנגעצונדן די שטערן. איר האַרץ איז וואַרעמער געוואָרן, די אייז־קאַלטע גלייכגילטי־קייט איז פאַרשוונדן; ביסלעכווייז זענען אויפגעשוומען באַ־קאַנטע נאָנטע בילדער; און אירע דינע מיט אַרויפגעבויגענע ווינקלען, ווי אַ האַלבע לבנה, ליפּן, האָבן אָנגעהויבן צו שמייכלען.

II

די טיר האָט פּאָרזיכטיק אַ סקריפּ געטון, און אויף דער שוועל האָט זיך באַוויזן לענאַ. זי האָט געטראָגן אַ לאַנגן פליו־שענעם מאַנטל און אַ הוט; די באָטן האָט זי איבערגעלאָזט אין פאָדער־צימער. אין די האָר און אויף דער וואלקע האָבן געגלאַנצט די נאָך נישט צעגאַנגענע שטערנדלעך שניי.

— ביסט דאָ, אָלינקאַ?

אָלגאַ האָט זיך נישט גערירט און נישט געענטפערט. זי האָט געקוקט אויף דער חברטע און געשמייכלט.

לענאַ האָט געמאַכט עטלעכע טריט פאָראויס; אירע אויגן האָבן געגלאַנצט אין דער טונקלקייט; זי האָט זיך נישט גע־קענט באַהערשן און האַסטיק אָנגעהויבן:

— דו שלאָפסט אָליעטשקאַ נו, כאַפּ זיך אויף, כ'וועל דיר עפּעס זאָגן, קענסט זיך נישט פאָרשטעלן, וואָס כ'וועל דיר

דערציילן. ניין, ניין, שוויג, דו וואָלסט קיינמאָל נישט גע-
טראָפן... און דיין טאַטע איז אין דערהיים? איך בין געגאַנגען
דורך דער קיך, און אַגאַפּיאַ האָט מיר געזאָגט, אַז ר׳איז נישטאָ...
פונדעסטוועגן האָב איך מורא, דו ווייסט דאָך, ווי ער האָט
מיך נישט ליב.

אָלגאַ האָט זיך צעלאַכט.

— ווי נאַריש דו ביסט, לענקאַ! וואָס פּלאַפּלסטו?

לענאַ האָט זיך אנידערגעזעצט לעבן דער חברטע אויפן
הענטל פון פּאָטעל.

ס׳חאָט פון איר געטראָגן מיט פּראָסט. פאַר פרייד האָט
זי געוואָלט אַ קוש טון אָלגאַן, זי האָט זיך אָבער דערמאָנט,
אַז יענע האָט עס נישט ליב, און זיך צוריקגעהאַלטן.

— נו, דערצייל זשע, — האָט געבעטן אָלגאַ, באַלד אָבער
איז זי אַראָפּגעשפּרונגען פון פּאָטעל.

— וואַרט אַ מינוטקעלע!

אין דער פינצטער האָט מען נישט געזען, וואָס זי טוט.

— אָט האָסטו, עס און דערצייל.

אָלגאַ האָט געהאַלטן אין דער האַנט אַ טעלער מיט כאַל-
וואַ. דאָס איז געווען איר געליבט מאַכל, איר טרייער פריינט
אין די איינזאַמע מינוטן.

אין צימער איז געוואָרן נאָך טונקעלער. אין פענצטער
האָט אַריינגעשיינט דאָס ליכט פון די לאַמטערנעס.

לענאַ האָט דערציילט, ווי זי האָט געטראָפן די צוויי
אומבאַקאַנטע. איינער אַ הויכער אין פענכנע, דער צווייטער אַ
גלאַט ראַזירטער, אין אַן אָפּגעצוצט פוטערן היטל.

— כ׳קען מיך ווענן, אַז זיי זענען נישט אַבי-ווער, זייערע
פנימער זענען נישט קיין געוויינלעכע און אַלץ, אַלץ איז עפּעס
אַזוי...

אָלגאַ האָט גרינגשעצנד אַ הויב געטון מיט די אַקסלען:

— נו, דו ווערסט דאָך שטענדיק פאַרכאַפּט...

אָבער ניין, ניין!... וועסט שוין זען. מוזט מיט מיר גיין,
כ׳וועל זיי דיר ווייזן.

— דו ווילסט זיי, דאַכט זיך, זוכן אין די גאַסן?

אָבער הער! מיר וועלן ביידע גיין צו דער סטאַציע, צום זעקסער צוג. כ׳בין שוין אַלץ, אַלץ געוווּיר געוואָרן. זיי מוזן דאָ איבערזיצן, און זיי פאָרן היינט נאָך ווייטער...

— נאָך בעסער, — האָט געענטפערט אָלגאַ, וועלכע האָט זיך געפוילט אויפצושטיין און געזוואָלט אביסל צערייצן די, זיך איילנדיקע, חברטע. — צוליב וואָס זשע דאַרפן מיר קוקן אויף זיי, אַז זיי פאָרן אַוועק... וואָס פאַר אַ זין האָט עס?

לענאַ איז געוואָרן אויפגעבראַכט:

— ניין, דו ביסט אומדערטרעגלעך! ווען דו האָסט אַזאַ טאָג, ווילסטו גאָרנישט פאַרשטיין.

— פאַרקערט, כ׳פאַרשטיי אַלץ, און כ׳מיין...

— קענסט מיינען, וואָס דו ווילסט, אָבער איך גיי אַליין.

דאָס מיידל איז אויפגעשפרונגען פונם הענטל פון פאָטעל און האָט איילנדיק אָפגעלעקט די קלעפּיקע פון כאַלוואַ פינגער.

אָלגאַ האָט גאָרנישט געטראַכט זי צו פאַרהאַלטן. זי האָט געוווּסט, אַז לענאַ קען מיט איר קיינמאָל נישט ברוגז ווערן אויף אַן אמת. זי וועט זיך אַ ביסל אויפקאָכן און ווידער גוט ווערן. אָלגאַ האָט ליב געהאַט דאָס דאָזיקע מיידל, זי האָט אָבער, ווי שטענדיק, זיך געפילט העכער פון איר. זי האָט געוווּסט, אַז לענאַן לוינט נישט זיך צוצעקריגן מיט איר — אָלגאַ אָרג, דער טאָכטער פון אַ מיטגליד פון קרייז-געריכט, ביי וועלכער ס׳געפינט זיך שטענדיק אַ סך נאַשעריי און פאַרשידענע לוקסוס-קלייניקייטן.

אויך איצט האָט לענאַ אינגאַנצן פאַרגעסן איר כעס. זי איז צוגעגאַנגען צום טואַלעט-טישל און האָט מעכאַניש אָנגעהויבן זיך צו באַשפּריצן מיט אָלגאַס אָדעקאָלאָן. זי האָט עס שטענדיק געטון, אָלגאַן האָט עס נישט געאַרט. קען מען זיך קריגן אין אַזעלכע באַדינגונגען? אָלגאַ האָט זיך שוין לאַנג איבערצייגט, אַז קיין שום פּריינטשאַפט איז נישט ריין פון אייגננוצן.

— נו, לענקאַ, געננג זיך געלאָזן, — האָט זי געזאָגט אויפ-

הויבנדיק זיך פון מאַטעל. — זאָל זיין אַזוי, מיר וועלן גיין אָנ-קוקן דיין וווּנדער.

---

III

אָלגאַ האָט אָנגעצונדן צוויי ליכט אויפן טואַלעט-טישל, און זיך אַנידערגעזעצט אויפן טאַבאָרעט פאַרן שפּיגל.

זי האָט לייכט פאַרקנייטשט דעם שטערן, דערזעענדיק זיך אין שפּיגל. דאָס פּנים האָט איר אויסגעזען בלייכער, ווי געוויינלעך. דאַן איז זי אויפגעשטאַנען, שנעל אויסגעטון די בלוזע און אויף גיך זיך אָפּגעוואַשן.

פונם קאַלטן וואַסער זענען איר די באַקן ראָזע געוואָרן, אויף דער לינקער שלייף האָט זיך באַוויזן אַ בלאָ אָדערל.

פּלוצים איז איר פריילעך געוואָרן. די אויגן זענען ווידער טונקעלער געוואָרן, און ס'האָט אין זיי אָנגעהויבן שפּילן אַ שמייכל, מיט די פינגער האָט זי צוגעגלייכט די דינע, ווי בויגנס, ברעמען, אָנגעפּודערט דאָס דינע נעזל און באַשפּריצט זיך מיט פּאַרפום.

דערנאָך האָט זי צעוואַרפנדיק אַלץ, אַרויסגענומען אַן אַנ-דערע בלוזע, אַ זיידענע, פון איר באַליבטן גראַנאַטענעם קאָליר, צוגעשפּילעט זי מיט שפּילקעלעך, ווייל ס'האָבן געפעלט עטלע-כע קנעפּלעך, און, צולויפנדיק ווידער צום שפּיגל, שטייענדיק זיך באַטראַכט פון אַלע זייטן.

אינעם שפּיגל, אין די גאָלדענע רעפלעקסן פונם ליכט, האָט אויפגעטויכט איר דינע געשטאַלט, אַ שלאַנקע און בויגיקע, וואָס האָט נאָך קיין קאָרסעט נישט געקענט; די שלאַנקע הענט האָבן זיך קינדיש באַוועגט; די טונקל-בלאָנדע האָר האָבן גע-לויכטן.

לענאַ, אַלץ נאָך אויפגערעגט, האָט איר דערלאַנגט דאָס היטל, אָלגאַ האָט עס גענומען מיט איר געוויינלעכער אומצופרידענער גרימאַסע. דאָס איז געווען אַ פּשוט פוטערן היטעלע,

אַן אומגעלומפערטס, אָן פעדערן און בענדער, צוליב וועלכן זי האָט נישט איינמאָל געשאָלטן אי די גימנאַזיע, אי די שטרענגע לייטערין. וועמען קען עס פאַסן אַזאַ היטל? זי האָט נישט פאַרשטאַנען, אַז אַ זיבעצן-יעריק מיידל פּאַסט אַלץ.

אין פאָדער - צימער האָבן זיי באַגעגנט אָלגאַס ברודער אַרקאַדיע. ער האָט אויסגעזען שלעכט געשטימט. זיין פּנים, געל פון שלאָפלאָזע נעכט, האָט זיך קרענקלעך געקנייטשט. די שווערד און שפּאָרן האָבן אומברחמנותדיק געקלונגען.

— שוין ווידער לויפן איבער די גאַסן? — האָט ער געוואָרטשעט, אויסטוענדיק דעם שמאָלן אין דער טאַליע און ביז די טריט לאַנגן מיליטערישן מאַנטל.

אָלגאַ האָט אַ שמייכל געטון. זיי זענען געווען גוטע פריינד, זי האָט אָבער געוווסט, אַז דער ברודער האָט ליב צו מאַכן באַמערקונגען, ווען ס'טוט אים, נאָך אַ הולייקע, וויי דער קאָפּ, אָדער ר'האָט פאַרשפּילט אין קאָרטן.

— זע זאָלסט כאָטש קומען צום מיטאָג!

אויף דער גאַס אין געווען שטיל און וואַרים. די טראָטואַרן זענען געווען באַדעקט מיט שניי, וואָס האָט געשיט מיט גרויסע פייכטע פלאַכעס. פון דער נאָנט האָט עס אויסגעזען ווי אַ חברה ווייסע שמעטערלינגען, און פון דערווייטנס — ווי אַ גראָער נעפּל.

אַלע דורכגייער זענען, ווי זיי וואָלטן זיך אָפּגערעדט, געווען אָנגעטון אין ווייסע פוכיגע קעלנער און היטלען.

די לאַמטערנס האָבן קוים געלויכטן, וואַרפנדיק געלע נישט זיכערע פלעקן. מענטשן האָבן, אזוי ווי גייסטער, זיך באַוויזן איינער נאָכן צווייטן און גלייך פאַרשוווּנדן. אויף דער נשמה איז געוואָרן באַזונדערס גוט, אין טיפעניש פון האַרץ האָט עפּעס שטילערהייט געלאַכט, און די אויגן האָבן זיך געזשמורעט פונם קלעפּיקן שניי.

שטייף צונויפגעקוועטשט די פינגער אין דער „מופקע", איינגעבויגן אַ ביסל דעם קאָפּ אין אַ זייט און, קלאַפּנדיק ענערגיש מיט די גראָע אויף לעדערנע קנאַפּל באָטן, איז אָלגאַ

געגאַנגען אַלץ האַסטיקער. לענאַ, אַ נידריקע, אַ דיקע, מיט אַ שטאַרק אַנטוויקלטן בוזעם, איז איר קוים נאָכגעגאַנגען.

צוגייענדיק צו דער בריק האָבן זיי דערהערט מוזיק, וואָס איז פאַרטויבט געוואָרן דורכן פאַלנדיקן שניי. אונטער דער בריק, אויפן טייך, האָט אין אַן אָפּגעצוימטן און מיט יאָלקעס באַזעצטן סאָד, געשפּילט דער מיליטערישער אָרקעסטער „אויף די בערג פון מאַנדזשוריען".

שוואַרצע מענטשן, וועלכע האָבן געמאַכט אַ קאָמישן איינדרוק, ווען מען האָט אויף זיי געקוקט פון דער בריק, האָבן אין משונה׳דיקע זיג-זאַגען געשוועבט איבערן אייז, וואָס האָט געגלאַנצט אינם מאַטן ליכט פון צוויי גאַז-לאָמפּן.

— ווי שיין—האָט שטיל אַ זאָג געטון אָלגאַ, אָפּשטעלנדיק זיך אויף אַן אויגנבליק און צוהערנדיק זיך צו דער מוזיק.

— ניין, מיר געפעלט בעסער די „לעגענדע פון וואַלד",— האָט געענטפערט לענאַ.

פאַרציענדיק דאָס דינע נעזל מיט די שאַרף אויסגעשניטענע נאָזלעכער, איז אָלגאַ ווייטער געגאַנגען און אומצופרידן אַ זאָג געטון:

— אַך, נישט דאָס מיין איך!

זי האָט ליב געהאַט מוזיק פאַר די זכרונות, וואָס זי האָט אין איר אויפגעוועקט. אַ מאָטיוו פון וועלכער ס׳איז אַריע, אָדער דער ריח פון פּערפום האָט אין איר שטענדיק מיט אַ באַזונדערער בולטקייט אַרויסגערופן פאַרגעסענע בילדער, נישט געקוקט אויף אירע 17 יאָר, האָט אָלגאַ שטאַרק ליב געהאַט דערינערונגען. אַלץ וואָס זי האָט איבערגעלעבט אין דער געגנ-וואַרט, האָט איר אויסגעזעען נודנע, אַלטעגלעך און ביזגאָר באַקאַנט פון דער צוקונפט האָט זי געטראַכט מיט שרעק און מורא גע-האַט צו טרוימען וועגן איר. ס׳האָט זיך איר געדאַכט, אַז פאָר-שטעלנדיק זיך די צוקונפט אַזוי, אָדער אַנדערש, קען זי איר נאָך אַן עין הרע טון. דערפאַר האָט זי קיינמאָל נישט, אַזוי ווי אַנדערע, געבויט קיין פּלענער, און נאָר זעלטן, אין אירע

אומעטיקע מינוטן האָט זי גאָט געבעטן, פֿר זאָל איר שיקן אַלץ נאָר נישט דעם דערשלאָגענעם, איינטאָניקן „היינט“.

---

IY

אַלגאַ האָט גלייך אויפגעלעבט, ווי נאָר זי איז אַריינגעקומען אין וואַרטע-זאַל. זי האָט ליב געהאַט דאָס אומזיניקע שטופּן זיך; אַ חוץ דעם האָט זיך איר שטענדיק, ווען זי איז דאָ געוועזן, געדאַכט, אַז ס'דערוואַרט זי עפּעס נייעס, אינטערעסאַנטעס: אַז ס'איז געננג, אַז זי זאָל קויפן אַ בילעט, און ס'וועט זיך אָנהויבן עפּעס אומגעוויינלעכס, אָנציעענדיקס. ס'איז איר אפילו געוועזן גלייכגילטיק ווו צו פאָרן, אַבי פאָרן.

אָפּטמאָל, האָבנדיק עפּעס געלד, האָט האָט זי געהאַט אַ שטאַרקן ווילן צוצוגיין צום קליינעם פענצטערל פונם קאַסירער און נעמען אַ בילעט, אָבער יעדעס מאָל האָט זי זיך דערמאָנט אָן דער מוטער, וועלכע זי האָט ליב געהאַט, ווי אַ יונגער שוועסטער; זי האָט געזעען איר באַאומרויקט נערוועז פנים, זי האָט געזעען ווי זי כאַפּט זיך ביים האַרץ, ווען ס'הויבט אָן שטאַרקער צו קלאַפּן, — און זי האָט זיך אָפּגעשטעלט, אָפּזיפצנדיק טרויעריק.

—ווו זשע זענען זיי ? — האָט זי געפרעגט לענאַן, אַרומקוקנדיק זיך, און נישט באַמערקנדיק קיינעמען, וואָס זאָל ענלעך זיין אויף די אומבאַקאַנטע.

— לאָמיר דורכגיין דעם זאַל, — האָט געענטפערט לענאַ, פאַרריכטנדיק ז'אָס היטל און קוקנדיק מעכאַניש אין שפּיגל.

זיי זענען דורכגעלאָפן דעם זאַל פון עק ביז עק, אָבער די. וועלכע זיי האָבן געזוכט, זענען נישט געוועזן.

זיי האָבן דאַן געקויפט פעראָן-בילעטן און אַרויסגעגאַנגען אויפן פעראָן.

דער זעקסער צוג איז שוין געוועזן. טרעגערס האָבן

געטראָגן געפעק, ביי דער דריטער קלאַס האָבן זיך געשטיפּט פויערן מיט גראָע זעק אויף די פּלייצעס.

דער ווינט האָט אַלעמאָל אַראָפּגעיאָגט פונם פּעראָן-דאַך ווייסן שניי-שטויב און אים פונאַנדערגעבלאָזן.

— ווו זשע זענען זיי, ווו?—האָט געפרעגט אָלגאַ פילנדיק, אַז זי איז אויפגערעגט און נישט ווייסנדיק די סיבה דערפון.

און פּלוצים איז זי שטיין געבליבן אַ פאַרכישופטע. פון אויבן, פון אַ וואַגאָן-טרעפּל האָבן געקוקט אויף איר עמעצנס אויפמערקזאַמע טונקעלע אויגן.

— דאָס איז ער—האָט זי גלייך דערהערט לענאַס שעפּטשן. אָבער די אויפקלערונג איז געווען איבריק. אָלגאַ האָט עס אַליין דייטלעך דערפילט.

געוויס, האָבן זיך זייערע אויגן באַגעגנט נאָר אויף איין מינוט, שפּעטער אָבער, ווען זי האָט זיך פאַרגעשטעלט די דאָזיקע מינוט, האָט זיך איר געדאַכט, אַז זי האָט איבערגעלעבט אַ סך, אַ סך טעג.

זי וואָלט אַפילו נישט געקענט זאָגן, מיט וואָס אַזוינס האָט דער אומבאַקאַנטער געמאַכט אויף איר אַזאַ איינדרוק. זי האָט שוין געזען שענערע פּנימער, אָבער יענע האָבן נישט געמאַכט קלאַפּן איר האַרץ. זיי פעלגן איר געפעלן, זי אַליין פלעגט געפעלן, אָבער דאָס איז געווען עפּעס אזוי לייכט, פריילעך און אויבנאויפיק. אין דאָ האָט זי דערפילט אַפילו אַ נערוועזע קעלט און שטאַרקער צונויפגעקוועטשט די פינגער אין דער „מופקע".

ס'איז איר אפילו נישט איינגעפאַלן צו מאַכן קאָקעטישע חנדלעך, ווי זי האָט עס שטענדיק געטון, ווייל אונטער די מענערס גיריקע בליקן האָט זי געפילט ווי שיין זי איז און געוואָלט אויסזען נאָך שענער.

אין דעם אויגנבליק האָט זי זיך אינגאַנצן פאַרלוירן, פאַרגעסן אָן זיך, און נאָר געהערט ווי האַסטיק דאָס האַרץ קלאַפּט.

די מיידלעך זענען באַלד נגגאַנגען ווייטער, לענג אויס די וואַגאָנעס, אויפגערעגט, יעדערער אויף איר אופן, לענאַ

האָט נישט אויפגעהערט צו טומלען, אָלגאַ ווידער איז פאַר־שוויגן געוואָרן און נישט געהערט אפילו וואָס די חברטע רעדט.

— נו, האָב איך דיר ליגנט געזאָגט? איז ער נישט זייער שיין? — האָט זיך נאָכגעפרעגט לענאַ.

אָבער אָלגאַ האָט אפילו נישט געוווּסט, צי ר'איז שיין, צי נישט.

זי האָט גאָרנישט נישט געוווּסט.

ווען זיי זענען צוריקגעגאַנגען זענען ביידע אומבאַקענטע געשטאַנען איינער לעבן צווייטן.

דער צווייטער, אַ הויכער, דיקער, מיט אַ גאָלדענע פענסנע, גאָר אַ געוויינלעכער גוטמוטיקער הער, האָט עפּעס געזאָגט אויף די מיידלעך.

ווערסט זען, זיי וועלן צוגיין צו אונז, — האָט געשעפּטשעט לענאַ. — איך ווייס שוין.

אָלגאַ האָט זיך דערשראָקן.

— ניין, ניין! אום גאָטעס ווילן, ענטפער זיי גאָר נישט, זיי וועלן אָנהויבן צו אונז צו רעדן. הערסט, אַ נישט וועל איך גלייך אַוועקגיין.

אָבער וואָס איז מיט דיר? —האָט זיך יענע געוווּנדערט, — וואָס האָסטו מוֹרא?

— ניין ניין, פאַר קיין פאַל!

אָלגאַ איז אַזוי ווי געלאָפן פון זיך אַליין. אָבער זי וואָלט נישט געקענט איצט אַוועקגיין פון דאַנען. זי האָט פּשוט נישט געוווּסט, וואָס צו טון.

---

V

דער דיקער אומבאַקאַנטער, אין פענסנע, איז אַראָפּגע־שפּרונגען אויפן פּעראָן און, שמייכלענדיק נישט פערלעגן און נישט חוצפּהדיק, איז ער צוגעגאַנגען צו די מיידלעך.

כ׳האָף, אַז איר וועט זיך נישט באַליידיקן אויף מיר, וואָס כ׳הויב מיט אייך אָן צו רעדן, — האָט ער אָנגעהויבן, הייבנדיק זיין פּאָקן היטל, — אָבער כ׳פאַרזיכער אייך, אַז סאיז נישט קיין שום שלעכטס. איך און מיין פריינד פאָרן פון פּעט־ראָגראַד אין אַ הויף אַריין אויף יום־טוב. מיר האָבן נישט אין דער שטאָדט קיין שום באַקאַנטן, וועלכער וואָלט אונז געקענט באַקענען מיט אייך, וואָס מיר ווילן שטאַרק. איך בין אַ שריפט־שטעלער, מיין פריינט איז אַ מאַלער, און זייער אַ טאַלענט־פולער מאַלער, כ׳פאַרזיכער אייך...

דער אומבאַקאַנטער האָט רעדנדיק זיך געווענדעט צו לע־נאַן, באַמערקנדיק אַפּנים, אַז מיט איר איז גרינגער זיך צונויפ־צורעדן. אָבער פון צייט צו צייט האָט ער געקוקט אויף אָלגאַן, וועלכע איז געגאַנגען פּאָראויס, אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און שטאַרק פאַרקוועטשט די ליפּן.

מיט די לעצטע ווערטער האָט ער זיך שוין געווענדעט נאָר צו איר.

— איר זעט, געהערן מיר ווייט נישט צו יענע מענטשן, וואָס זוכן אַוואַנטורעס, מיר האָבן אַ געזונטן בליק... אַ חוץ דעם איז מיין פריינד אַנטציקט פון אייער פּראָפיל, פרייליין, וואָס דערמאָנט אים אָן אַ ווענעציאַנער קאַמעע... איך פאַרשטיי זיך ווייניק אויף דעם, אָבער ער פאַרזיכערט, אַז אַזאַ ליניע פון מויל, ווי ביי אייך, קען מען באַגעגענען נאָר אויף אַלטע גראַווירן, און אייערע האָר האָבן אַ גאָלדענעם אָפּגלאַנץ. ער איז ביי דער מיינונג, אַז דער גרויסער לעאָנאַרדאָ וואָלט גליק־לעך געווען, ווען ער וואָלט געקענט מאָלן אייער פּאָרטרעט, וועלכן די קומענדיקע דורות וואָלטן אָנגערופן „די פאַרפירטע מאַדאָננאַ” ער האָט מיר אויך באַוויזן צו זאָגן, אַז ער וואָלט זיך נישט געוונשן זיך צו פאַרליבן אין אייך, ר׳וואָלט מוראָ פאַר אייער ליבע, וואָס זאָל ענלעך זיין צום גיפט פון אַ בין, פאַרסמענדיק דעם געליבטן פאַרבלייבט זי מיט אים אויף אייביק, און אָפּרייסנדיק זיך פון אייך, וואָלט ער אייך אומגעברענגט...

אָלגאַ האָט, אויסהערנדיק אים, אַ שמייכל געטון. זיינע

ווערטער האָבן איר אויסגעזען קאָמיש, נאָר וואָס אויסגעטראַכטע, אַלס טעמאַ פּאַר אַ שמועס מיט נאַרישע מיידלעך.

דער אומבאַקאַנטער האָט באַמערקט איר שמייכל, און זאָג געטון:

— ניין, מיינט ניט, אז איך שפּאַס, מיין פריינד איז איז אַפילו אַ גרויסער פאַנטאַזיאָר, אָבער אָפט מאָל גלייב איך אים... יאָ מ׳דאַרף אַמאָל גלייבן אין אויסערגעוויינלעכע זאַכן...

ער איז פלוצים געוואָרן ערנסט, און זיינע אויגן זענען אונטער דער פענסנע געוואָרן טרויעריק, כמעט דערשראָקן. ער איז איצט געווען ענלעך צו נעראָן אָלגאַס הונט, ווען ער פלעגט קוקן אויף איר, אַוועקלייגנדיק זיין האָריקן פּיסק אויף איר שויס.

נאָך אַ קורצן שווייגן, האָט דער אומבאַקאַנטער ווידער פאָרגעזעצט:

טייל מענטשן קענען קוקן, זייערע אויגן באַמערקן אַסך... יאָ... איך ווידער פיל... איך האָב מיר מיינע סימָנים, מיינע דאַטן... איך בין אַבערגלויבעריש און שעם זיך ניט דערמיט... זאָגט מיר, האָט איר ניט עפּעס אַ דאַטע, אַ דאַטע וואָס האָט פאַר אייך אַ באַזונדערע באַדייטונג, זאָגט אייך עפּעס פאָר?

לויט דער טבע פון אַלע קורצזיכטיקע, איז ער צוגעגאַנגען צו אָלגאַן גאָר נאָנט, ניט באַמערקנדיק זיין אומגעשיקטקייט. אָלגאַ האָט זיך אָפּגערוקט, אָבער זיין פראַגע איז געשטעלט געוואָרן מיט אזוי פיל פּשטות, אַז זי האָט גלייך געענטפערט:

— יאָ, כ׳האָב אַזאַ דאַטע... אַלץ וואָס איז וויכטיק פאַר מיר — סיי גוטס, סיי שלעכטס — געשעט דעם צוויי און צוואַנציקסטן.

דער אומבאַקאַנטער האָט פאַרטראַכט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, דערנאָך האָט ער פאָרשנד און פאַרוואונדערט אַ קוק געטון אויפן מיידל, גלייך ווי ער וואָלט געוואָלט געוואויר ווערן צי זי שפּאַסט ניט, און איבערלייענענדיק אָפּנים אין אירע אויגן, אַז זי איז אויפריכטיק, האָט ער שטיל אַרויסגעזאָגט:

— זעט איר שוין...

ס'האָט אים איבערגעשלאָגן אַ שאַרפער פייף פון אַ לאָ־
קאָמאָטיוו.

דער צוג האָט אַ ציטער געטון, גרייט אָפּצוגיין. דעמאָלט
האָט דער אומבאַקאַנטער אויפגעהויבן זיין היטל און איז אַרויפ־
געשפּרונגען אויף דעם וואַגאָן־טרעפּל, אויף וועלכן ס'איז נאָך
אַלץ געשטאַנען זיין פריינד.

אויפהייבנדיק די אויגן האָט זיך אָלגאַ ווידער געטראָפן
מיט יענעמ'ס נישט פינטלדיקע, פאַרשנדיקע אויגן.

דער צוג האָט פּאַמעלעך אָנגעהויבן אַוועקצושווימען. די
מיידלעך זענען געגאַנגען ביי דער זייט, און ווען דער צוג
האָט אָנגעהויבן גיין גיכער און מען האָט אים שוין נישט גע־
קענט דעריאָגן, האָט דער אומבאַקאַנטער, וועלכער האָט גע־
רעדט מיט די מיידלעך, זיך פּלוצים אַרויסגעבויגן אין דער
זייט, וווּ זיי זענען געגאַנגען, און אויסגעשריגן:

— היינט איז דאָך דער צוויי און צוואָנציקסטער דעצעמ־
בער...

אין אַ מינוט אַרום האָט זיך שוין שוואַכער געלאָזט הערן
זיין קול:

אַדיע!

---

VI

קיין שום זאַך וואָלט אויף אָלגאַן נישט געקענט מאַכן
אַזאַ איינדרוק, ווי די נישטיקע ווערטער פונם אומבאַקאַנטן, אַז
היינט איז דער צוויי און צוואָנציקסטער. זי האָט דאָך עס גע־
ווּסט פון דער פרי אָן, און שוין לאַנג געוואַרט אויף דעם
טאָג, ווייל דעם צוויי און צוואָנציקסטן לאָזט מען אָפּ די גימ־
נאַזיסטינס אויף די ווייַנאַכטן. פונם דאָזיקן טאָג האָט זי גאָר־
נישט דערוואַרט, אַחוץ דער פרייד פונם באַוווּסטזיין, אַז זי איז
אויף צוויי וואָכן פריי פון די נאַרישע לעקציעס; שפּעטער
איז זי באַפאַלן אַ „כאַנדראַ", און זי האָט זיך פאַרשלאָסן ביי

דיך אין צימער ; נאָך שפּעטער האָט זי אים דערזען און פלוצים זיך דערמאָנט אָן דער פּאַטאַלער באַדייטונג פונם צווייי און צוואַנציקסטן, פאַרגעסנדיק דערביי, אַז הייגט איז טאַקע דער צווייי און צוואַנציקסטער. וואָס זשע איז נאָך דער מער ? גאָרנישט, פאַרשטייט זיך, גאָרנישט... וואָס איז נאָך דער מער, אַז זי האָט דערזען אינם צווייי און צוואַנציקסטן ? און בכלל, וואָס איז ער אַזוינס? אָבער נישט ...נדיק אויף אָט די קלאָרע, לאָגישע געדאַנקען, האָט אָלגאַ געש...ט אַז די אויפרעגונג וואָס האָט זי באַהערשט, ווען זי האָט דערזען דעם אומבאַקאַנטנס טונקעלע אויגן, וואָס האָבן ווי געלייענט אין איר נשמה, — ווערט נישט שוואַכער, נאָר שטאַרקער.

— וואָס פאַר אַ נאַרישקייט ! — האָט זי אַ זאָג געטון גייענדיק ווידער מיט לענאַן, איבער די שנייאיקע, נעפּלדיקע גאַסן.

— וואָס איז אַ נאַרישקייט ?

— אַך, גאָרנישט, לענקאַ. ביסט אומדערטרעגלעך מיט אָט די פראַגעס דיינע !

די חברטע האָט זי שוין דענערווירט.

— דו ביסט פשוט בייז, וואָס יענער איז נישט צוגעגאַנגען צו דיר — האָט איר לענאַ אַ שטאָך געטון, — נו, יאָ, ס'האָט אים אַפנים נישט אינטערעסירט אונזער באַקאַנטשאַפט.

אָלגאַ האָט זיך אָנגעצונדן :

— דיינע אפשר ?

— און פאַרוואָס עפּעס נישט דיינע?

— דערפאַר, דערפאַר...

אָלגאַ האָט געזוכט ווערטער. זי האָט זיך אַלץ מער אויפגערעגט, נישט פאַרשטייענדיק די סיבה דערפון.

— דערפאַר, ווייל ער האָט מיך ליב !

— וואָס ?

לענאַ האָט זיך אָפּגעשטעלט, קוקנדיק נייגעריק אויף דער חברטע. אָלגאַ האָט זיך אַליין דערשראָקן פאַר אירע ווערטער. אָבער זיי האָבן איר נישט אויסגעזען אַזוי ווילד. אַרויסזאָגנדיק

זיי האָט זי אָנגעהויבן גלויבן אין זיי, אזוי ה׳ עמיצער וואָלט זיי איר אריינגעפליסטערט אין אויער.

— יאָ, יאָ, יאָ, ער האָט מיך ליב... איך ווייס עס, און דו שפּאַר זיך נישט! הערסט? דערוואַג זיך נישט צו שפּאַרן...

לענאַ, האָט, נישט פאַרשטייענדיק קיין וואָרט, געשוויגן און ברייט געעפנט אירע גרויסע שוואַרצע אויגן.

— און גיי נישט מיט מיר; לאָז מיך אַליין!... אַליין!...

זי האָט זיך אומגעדרייט מיט דער פּלייצע צו דער חבר־טע און אַוועקגעלאָפן, גליטשנדיק זיך איבערן נאַסן שניי.

די געדאַנקען האָבן זיך איר געמישט, ס׳איז איר אַלץ איינס געווען, ווו צו גיין, אַבי נאָר בלייבן אַליין. ס׳האָט זיך איר געדאַכט, אַז עמעצער, וואָס האָט איר אונטערגעזאָגט אירע זעלבסטזיכערע ווערטער, לאָזט זי איצט נישט אָפּ, האָט די מאַכט איבער איר, דאָס איז געווען מוראָ׳דיק, אָבער זי איז נישט אימשטאַנד געווען זיך צו באַהערשן.

— זאָל זיין, זאָל זיין... פאַרוואָס טאַקע נישט? פאַרוואָס זאָל זי נישט גלויבן אין קיין אויסערגעוויינלעכס?

זי איז ווידער געשטאַנען אויף דער בריק, אונטער וועל־כער ס׳האָט געגלאַנצט דאָס אייז פונם גליטש־ראָד און געשפּילט די מוזיק.

און פּלוצים האָבן זיך איר באַוויזן טרערן אין די אויגן. זי האָט דערפילט, אַז זי ווערט שוואַך, אַז די כּוחות פאַרלאָזן זי, און זי האָט זיך אָנגעשפּאַרט אינם אָנלען פון דער בריק. זי האָט אויך איצט נישט געוווּסט, וואָס עס איז מיט איר, אָבער ס׳האָט זי אַרומגעכאַפּט אַ זעליקייט; דאָס האַרץ האָט זיך איר צוזאַמענגעדרוקט פון וואַרעמקייט און גליק. זי האָט נישט געהאַט קיין ווערטער פאַר איר געפיל; ס׳איז נישט ענ־לעך געווען אויף קיין שום געפיל, וואָס זי האָט ווען עס איז געהאַט, און ווידער אַזוי ווי דעמאָלט, ווען זי האָט צום ערשטן מאָל דערזען דעם אומאַקאַנטנס אויגן, האָט זי פאַרלוירן זיך, איר פּנים; זי האָט פאַרגעסן איר ליבע צו זיך, איר שיינקייט, ס׳איז געווען נאָר איין גרויס פריידיק, שטראַלנדיק געפיל פון גליק.

זי האָט צטלעכע מאָל איבערגעלעבט אויפס׳ניי איר באַ-
גגעגעניש מיטן אומבאַקאַנטן. ס׳האָט זי גאָרנישט געאַרט, וואָס
ער האָט איר גאָרנישט געזאָגט, ס׳האָט איר גאָרנישט געפעלט,
גאָרנישט...

---

VII

ווי מיאוס האָבן איר איצט אויסגעזעעז די אַלע קושן,
וואָס זי האָט ווען ס׳איז באַקומען און געגעבן. ווי אַזוי איז
עס געשען, דאָס זיי האָבן איר פאַרשאַפט פאַרגעניגען? אָט
דער געגנב׳טער קוש אין זייער פינצטערן קאָרידאָר פון וואָלאַ-
דעק שירווינסקי. ער האָט זי דאָרט געטראָפען, אַרויסגייענדיק
פון איר ברודערס צימער, זי אָנגעכאַפט פאַר די הענט און
אַ קוש געטון אין די ליפן. ער האָט מיט איר פריער קיינמאָל
נישט גערעדט, אָבער פון זיין קוש האָט זיך איר פאַרדרייט
דער קאָפּ, און זי האָט אים אויך אַ קוש געטון.גלייך זענען זיי
אָפגעשפרונגען פון זיך, ווייל די טיר האָט אַ סקריפּ געטון און
ס׳האָט זיך דערהערט זאַרקאַדיעס קול.

זי האָט זיך דעמאָלט פאַרשלאָסן ביי זיך אין צימער
און זיך געפרעגט, צי איז דאָס נישט קיין ליבע, ווייל אירע
אויגן זענען טונקעלער געוואָרען, און זי האָט נישט געקענט
קוקן אויף זיך אין שפיגל, דער גאַנצער קערפּער האָט איר
געברענט, און ס׳האָט זיך איר געוואָלט טרינקען. אָבער שפּעטער,
ווען זי האָט זיך געטראָפן מיט שירווינסקין, האָט זי מיט אַ ציי-
טער געטראַכט וועגן זיינע קושן, וואָס ער האָט איר יעדעס
מאָל געגעבן, פאַר וועלכע זי האָט מורא געהאַט, אָבער דאָך
נישט געקענט ווידערשטיין, פרעגנדיק זיך כסדר, צי ס׳איז
נישט קיין ליבע.

אָבער קיין גליק איז דאָרט נישט געווען, ניין, דאָרט
איז עס נישט געווען.

פאַראַיאָרן האָט זי געקושט מראַווין - סצווסקי אַ דראַמאַ-

טישער אַקטיאָר, אַ „טייוואָלאָניש שיינער", דער ערשטער ליב-
האָבער, ווי ס'פּלעגן אים רופן אָלע זיבן- און- אַכט-קלאַסיקע
גימנאַזיסטינס, וועלכע זענען פּשוט אויסגעגאַנגען פאַר אים. יע-
דערע האָט זיך באַמיט אים צו געווינען, און געווינען האָט
אים זי, אָלגאַ אָרג.

ווי שטאָלץ איז זי געווען דערמיט קייגנאיבער אירע
חברטעס! וויפל שונאים האָט זי באַקומען צוליב אים. מען
האָט זי אָנגעהויבן האַלטן פאַר אַ אינטריגאַנטקע, פיל האָבן
אויפגעהערט מיט איר צו רעדן, אָבער זי איז געווען צופרידן,
ווייל איר אייגנליבע איז געווען געשמייכלט, וואָס מען איז
זי מקנא.

איר איז דערלויבט געווען אַריינצוגיין אין זיין גאַרדע-
ראָבע, אין דער צייט, ווען אַלע אַנדערע זענען געשטאַנען
אונטער זיין טיר.

ער פלעגט זי אַנידערזעצן און מכבד זיין מיט וויינ-
טרויבן.

זי האָט זיך נאַריש געמאַכט, קאַפּריזעוועט, געפּאָדערט,
ער זאָל זיך שטעלן אויף דער קני, און אין אַזאַ פּאָזע הכנעה
דיק בעטן אַ קוש.

און קושנדיק אים, האָט זי זיך געוווּנדערט, וואָס ער
האָט אַזעלכע הַרטע בלאָלעכע באַקן.

ער פלעגט זי פרעגן: „האָסטו מיך ליב", און זי פלעגט
ענטפערן, לאַכנדיק: „יאָ". זי האָט אָבער דערביי גאָר:ישט
געפילט, אַ חוץ דער פרייד, אַז אָט וועט זי באַלד אַרויסגיין
פון אים און באַגעגנען די קנאָהדיקע בליקן פון אירע חברטעס.

און ווען ער האָט זי געקושט, האָט זי נייגיריק געקוקט
אין זיינע אויגן, וואָס פלעגן זיך אָנצינדן מיט אַ תאוה'דיק
פייערל, אָבער זי איז געבליבן קאַלט, און ווען ס'איז איר
נמאס געוואָרן, האָט זי אים געזאָגט: „גענוג שוין!"

ער האָט, דאַכט זיך, נישט אויף קיין געלעכטער זיך
איינגעליבט אין איר, גערופן זי ספינקס, זיך באַמיט צו לעזן
דעם ספינקס און נישט געלעזט.

איינמאָל האָט ער זי פאַרבעטן צו זיך אין צימער, אין האָטעל. זי האָט מורא געהאַט, אָבער די חברטעס האָבן געזאָגט, אַז זי וועט אַודאי נישט גיין, איז זי געגאַנגען.

ער איז געווען צערודערט, ער האָט זיך, קענטיק, אויף עפּעס באַשלאָסן. ער האָט באַלד אָנגעהויבן רעדן פון זיין ליבע. ער האָט געקושט אירע קני. און זי האָט געקוקט אויף אים מיט נייגיר, אָן אַ שפּור פון מורא. דאַן האָט ער זי אויפגעהויבן און אַוועקגעטראָגן אויף דער קאַנאַפּע.

זי האָט זיך נישט געווערט. זי איז געלעגן אומבאַוועגלעך און געקוקט אויף אים, ער איז צוגעפאַלן צו איר מיט זיינע ליפּן. ר׳האָט זי גיריק געקושט, נישט קענענדיק זיך אָפּרייסן.

און דערשטיקנדיק זי כמעט אין זיינע אָרעמס, פאַרשפּורט, אָבער נאָך אַלץ מורא האָבנדיק פאַר זיין פרייהייט און נישט דעצידירט, האָט ער זי געפרעגט מיט אַ פאַרשטיקט קול:

— זאָג, ביסט דאָך שוין נישט קיין מיידל?

אָ, ווי זי האָט געלאַכט, ווי קאַלט און רויק זי האָט געלאַכט דער דאָזיקער היה גלייך אין די אויגן אַריין, זי האָט געקייכט פאַר געלעכטער.

אַ צעמישטער האָט ער זי באַפרייט פון זיינע אָרעמס און איז געבליבן זיצן אַ קאָמישער, מיט צעשויבערטע האָר, מיטן קראַוואַט אין אַ זייט, מיט גלעזערנע נאַרישע אויגן.

זי האָט רויק פאַרקנעפּלט די בלוזע, זיך אָנגעטון און אַוועקגעגאַנגען.

ווען זי האָט עס דערציילט די חברטעס, האָבן זיי נישט געקענט פאַרשטיין און, דאַכט זיך, נישט געגלויבט.

— ער האָט דאָך דיך ליב געהאַט! — האָבן זיי געזאָגט, און מאַניאַ פּאָזשאַראָוואַ האָט אָפן געזאָגט:

— אָדער דו זאָגסט ליגנס, אָדער דו פאַרמאָגסט נישט קיין טראָפּן ליידנשאַפט!

די דאָזיקע מאַניאַ פּאָזשאַראָוואַ האָט זיך שטענדיק באַרימט, אַז זי איז זייער אַ ליידנשאַפטלעכע, און זי ווערט משוגע פון זשאָרזשיק׳ס קושן.

ניין, דעם שיינעם אַקטיאָרס קישן זענען פאַר אָלגאַן געווען נאָר לעכערלעך און האָבן אַפּילו נישט אַרויסגערופן בײַ איר דאָס געפיל פון מורא און בושה, וואָס פלעגט זי אַרומ־כאַפּן יעדעס מאָל, ווען וולאַדעק האָט זי געקושט.

---

VIII

פאַרזינקן אין דערינערונגען האָט אָלגאַ פאַרגעסן אָן דער צייט. ווייסע פליאַכעס שניי האָבן באַדעקט איר פלייצע און היטל, אָבער זי האָט גאָרנישט געזען אַחוץ די גאָלדענע שטראַלן, וואָס האָבן זיך געצויגן צו איר דורך די פאַרזשמורעטע אויגען.

אָבער, קומענדיק צו זיך, האָט זי אָנגעהויבן זיך איילן אַהיים, ווייל די צייט פון מיטאָג איז שוין לאַנג פאַריבער.

זי איז געגאַנגען איבער די גאַסן, נישט אויפהערנדיק צו שמייכלען. זי האָט נישט געחלומ'ט וועגן דער צוקונפט, זי האָט אָבער געפילט אין זיך עפּעס אַזוינס, וואָס מוז מקוים ווערן.

ס'האָט זיך ווידער אומגעקערט צו איר דאָס לעבן מיט זיין גאַנצער פרייד און טומעל, אָבער זי האָט איצט אַנדערש געקוקט דערויף.

אין דערהיים האָט זי דאָס שטוב־מיידל באַגעגנט, שעפּ־טשנדיק: „די ערשאַפטן האָבן שוין אָפּגעגעסן און פאַר'ן פריילן איז נאָך געגרייט דער טיש, אָבער דער הער איז זייער בייז".

אָלגאַ האָט בדעה געהאַט צו טיילן זיך מיט דער מוטער מיט איר פרייד (זי האָט נאָר נישט געוווּסט, ווי אַזוי). איצט אָבער, האָט זיך אין איר אָנגערופן די קרענקלעכע אייגנליבע. זי האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און ברוגז אַ קוק געטון מיט אירע העלער־געוואָרענע אויגען.

פריער האָט זי זיך אַליין געשטראָפט, פאַרוואָס זי האָט פאַרגעסן וועגן מיטאָג. איצט אָבער, דערוואַרטנדיק פאָרוואורפן, האָט זי זיך שוין געפילט גערעכט און באַוווּסט.

ווען דאָס שטוב-מיידל האָט איר דערלאַנגט דאָס צווייטע געדעכטס, איז אין עסצימער אַריינגעקומען דער פאָטער.

„ס'הויבט זיך אָן" — האָט אַ טראַכט געטון אָלגאַ — און, אַראָפּלאָזנדיק די אויגען אין טעלער, האָט זי עקשנות'דיג אָנגעהויבן צו שניידן דאָס שלעכט דערהאַרמטע שטיקל ביפשטיק.

וויטאַלי אַווגוסטאָוויטש איז, נישט קוקנדיק אין דער טאָכטערס זייט, אין ווייכע, מיט האָזן-פעל אונטערגעשלאָגענע שטעק-שיך, געגאַנגען פון דער טיר פון זיין קאַבינעט צום צווייטן עק עס-צימער, ווו ס'איז געשטאַנען דער קרעדענץ. ער האָט אַרויסגענומען פון קרעדענץ אַ גלעזל, אָנגעגאָסן עס מיט וואַסער פון דער גראַפינקע, אַריינגעטריפט אַהין פונ'ם פלעשעלע, וואָס ער האָט געבראַכט מיט זיך, עטלעכע טראָפּנס רעצעפּט און ערשט דעמאָלט, האַלטנדיק אַלץ דאָס גלעזעלע אין דער האַנט און, נישט טרינקנדיק, האָט ער זיך געווענדעט צו אָלגאַן:

— דו ווילסט אונז, דאַכט זיך, אינגאַנצן אומברענגען, — האָט ער געזאָגט מיט אַ טרוקן, אָבער נאָך אַלץ איינגעהאַלטן קול.

— ווייניק, וואָס דו האַלסט נישט פאַר דיין חוב אונז מודיע צו זיין, ווו דו וועסט פאַרפאַלן גאַנצע טעג, דערלויבסטו זיך נאָך גרינג צו שעצן דאָס הויז, אין וועלכן דו לעבסט... דו מאַכסט פון אים אַ שענק, ווו יעדער קען עסן, ווען ס'ווילט זיך. אָבער דאָס איז שוין צופיל, מיין טייערע!

ער איז אויף אַ מינוט אַנטשוויגן געוואָרן, קוקנדיק אויף דער טאָכטער, וועלכע האָט עקשנות'דיק אין רויק ווייטער געגעסן.

— צום אומגליק, איז איצט שוין צו שפּעט צו פאַרנעמען זיך מיט דיין פערציהונג, — האָט פאָרגעזעצט דער אַלטער, אויפרעגנדיק זיך אַלץ מער, — מיינע געשעפטן האָבן מיר נישט דערלויבט צו טראַכטן וועגן דעם פריער, און דיין מוטער...

כ'בעט דיך, לאָז צו רו די מאַמע, — האָט שטיל, אָבער דייטלעך אַ זאָג געטון אָלגאַ.

— וואָס?

נישט אויפהויבנדיק דעם קאָפּ, האָט דאָס מיידל איבער־געחזרט:

— לאָז צורו די מאַמע!

די בלאָע אָדערן אויף וויטאַלי אַווגוסטאָוויטשעס פּלאַ־טשיקע שלייפן האָבן זיך אָנגעגאָסן מיט בלוט. פאַרגיסנדיק די רעצעפּט, האָט ער אַוועקגעשטעלט אויפ׳ן טיש דאָס גלעזל און איז צוגעלאָפן צו דער אומבאַוועגלעך זיצנדער טאָכטער. זיין גאַנצער קליינער דאַרער קערפּער האָט זיך געטרייסלט; די פּענסנע איז אַראָפּגעפאַלן און געבליבן הענגען אויפ׳ן שנירל, לענג דעם אַלטן נראָען רעקל.

— און דו, און דו וואַגסט מיר עס צו זאָגן? — האָט ער געשריגן, אונטערשפּרונגנדיק אויפגעבראַכט. אַ געמיינע מויד, וואָס האָט איבערגעריסן מיט דער היים, האָט די העזה מיר, דעם פאָטער צו פאַרביטן צו רעדן... זי, אָט די האַרטע עגאָ־יסטקע, וואָס האָט נאָך קיינמאָל נישט קיין טראַכט געטון נישט וועגן דער קראַנקער מוטער, נישט וועגן מיר?... זי האָט די העזה צו פאַרטיידיקן איר מוטער, וועלכע איך שעץ, מער ווי זי! דאָס איז גאָר אַ נייעס! אָט דאָס איז די השפּעה פון די ליבע חברטעס, פון דער גאַנצער גימנאַזיע־חברותא!

אָלגאַ איז אויפגעשטאַנען פון דער שטול און, וואַרפנדיק אויפן טיש די סערוועטקע, איז זי געגאַנגען צו דער טיר.

איר שווייגן, איר קאַלטבלוטיקייט האָט נאָם מער אויפ־געגרעגט דעם פאָטער. וויטאַלי אַווגוסטאָוויטש איז איר נאָכגע־לאָפן און האָט זי אָנגעכאַפּט פאַר דער האַנט.

די בלייך געוואָרענע אָלגאַ האָט אויסגעריסן איר האַנט.

— וואַגט מיך נישט אָנצורירן!

— וואָס? וואָס?... שטיי, ווען מען רעדט צו דיר! שטיי!

אָבער אָלגאַ האָט נישט געפאָלגט. זי האָט געפילט, אַז נאָך איין וואָרט און זי וועט זיך נישט באַהערשן און וועט זיך וואַרפן אויפ׳ן פאָטער. נישט קוקנדיק אויף דער בעליידי־קונג, האָט זי באַדויערט דעם פאָטער, וועלכן זי האָט ליב געהאַט ווייניקער ווי די מוטער, אָבער אויך אַזוי זאָרגפעלטיג.

זי איז שוין לאַנג געװוינט געוועזן זיך צו באַציען צו זיי, גליין ווי זיי וואָלטן געוועזן יונגער פון איר, און וואָלטן זיך גענוי־טיקט אין זאָרגפעלטיקייט.

וויטאַלי אַווגוסטאָוויטש האָט ווידער דערינאָגט די טאָכטער און זי אָנגעכאַפּט פאַרן עלנבויגן. אין זיין אויפרעגונג האָט ער זיך נישט גערעכנט מיט זיין כח און האָט איר צעריסן דעם אַרבל פון איר בלוזע.

אָלגאַ האָט אַ ציטער געטון, דאָס גאַנצע בלוט איז איר געקומען אין קאָפּ אַריין, און זי האָט, אויסבויגנדיק זיך, אַ שטופּ געטון דעם פאָטער.

דער אַלטער האָט אומגעלומפּערט אַ וואָרף געטון מיט די הענט און איז אַנידערגעפאַלן. אָלגאַן האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער האָט פאַרלוירן דאָס באַוווסטזיין.

דאָס מיידל, וועלכע האָט זיך באַלד אָפּגעקילט, געקומען צו זיך, איז געשטאַנען איבער אים, נישט וויסנדיק, וואָס צו טון.

אויפ׳ן טומעל איז אַריינגעקומען אַרקאַדיע, ער איז גע שלאָפן נאָכ׳ן מיטאָג, און זיין רעכטע באַק האָט נאָך געפלאַמט, אויסגעקנייטשט פונ׳ם האַרטן קישן פון דער קאַנאַפּע.

— ווידער אַ סקאַנדאַל, - האָט ער אַ זאָג געטון, געגעצנ־דיק און נישט באַמערקנדיק דעם ליגנדיקן פאָטער, — איר וועט נאָך די מאַמע אויפוועקן! דער רוח טראָגט דיך אַרום. כ׳האָב דאָך דיר אָנגעזאָגט, זאָלסט נישט פאַרשפּעטיקן.

אָלגאַ האָט, שווייגנדיק אים אָנגעוויזן אויפ׳ן פאָטער.

— גיב שנעל וואַסער!

און זי האָט זיך אָנגעבויגן איבערן אַלטן, פּרובנדיק אונ־טערצוהויבן זיין קאָפּ.

וויטאַלי אַווגוסטאָוויטש האָט אויפגעעפנט איין אויג, אָ קוק געטון אויף דער טאָכטער און שטיל, אָבער דייטלעך אַרויס־געזאָגט:

— אַרויס פון דאַנען! הערסט, אַרויס פון מיין שטוב!

---

די שטאָט איז געשלאָפן, און איבער איר, פון אונטער די לעצטע הייזער האָבן פיבערהאַפט זיך אויפגעהויבן רויטע נעפּלען.

מען איז זיך נאָך נישט צעפאָרן פון טעאַטער, ווייל די פאָרשטעלונג איז נאָך נישט געענדיקט. טונקעלע שרענגע דראָש־קעס זענען, געהיט פון אַ פּאָליציאַנט, געשטאַנען אומבאַוועגלעך, נאָר ווו נישט ווו האָט אַ הירזשע אָדער אַ הוסט געטון אַ פערד.

פּנים קינסטלערישן טויער זענען אַרויסגעגאַנגען אָלגאַ, וולאַדיסלאַו שגרווינסקי, כאַיסאַ אַנדרושקעוויטש, אָלגאַס אַ חברטע די סטודענטן באַראָן אָטטאָן פאָן דירקס און אַנטאָשאַ באָגוש, און דער גימנאַזיסט פון אַכטן קלאַס וואַסיאַ טרוגאָוו, אַלע האָבן געלאַכט און זענען געווען פריילעך.

אָלגאַ האָט געלאַכט מער פאַר יעדערן. זי האָט שוין פאַרגעסן אָן דער פריערדיקער סצענע מיטן פאָטער, ווי נאָך קיינמאָל נישט, האָט זי זיך געפילט אויפגערוימט, פעיק צו שטיפן, גרייט צו שפרונגען פון קינדישער פרייד. דאָס, וואָס די מענער האָבן איר אַרויסגעוויזן פאַרערונג האָט זי נאָך פריי־לעכער געמאַכט. זי האָט זיי אַ גאַנצן אָוונט געדרייצט מיט איר סודותדיקייט, ס׳האָט איר הנאה געטון, וואָס זי האָט אַ סוד, וועלכן מ׳וויל דערגיין.

כאַיסאַ, שטענדיק אַ שווייגנדיקע, סודותדיקע און פלומרשט אַ געריגרטע, פון וואָס זי איז באַוווּסט געווען אין גימנאַזיע, האָט זיך היינט געהאַלטן אין דער זייט און נישט געשטערט. זי איז געווען פאַרקילט און האָט מורא געהאַט פאַר איר קול — ווירקלעך אַ נישט־קשהדיקס — וואָס זי פלעגט אָפּהיטן, ווייל אויפן צווייטן יאָר האָט זי געזאָלט אַריינטרעטן אין קאָנסער־וואַטאָריע.

דער באַראָן, אַ הויכער, אַ דאַרער און בלייכער מיט אַ גלאַט ראַזירט פּנים און טרויעריק געבויגענעם קאָפּ — האָט זי

געהאַלטן פאַרן אָרעם. זי האָט געפליסטערט מיט אַ פאַרשטיקט קול פאַרדעקנדיק דאָס פנים מיט דער „מופקע״:

— אַך, שטילער, שטילער!

וואַסיאַ טרונאָוו, אַ קליינער און רירעוודיקער, מיט באַוועגונגען פון אַן אויסגעצייכנטן טענצער, וואָס ר׳איז טאַקע געווען איז צוגעלאָפן צו אָלגאַן, מיט צעפלאַמטע באַקן און מיט אַ קלאַפנדיק האַרץ; ס׳האָט זיך פון אים געפילט ווייַן, און די אויגן האָבן ביי אים אומרויִק געגלאַנצט. ער האָט אַרויסגעריסן אָלגאַס האַנט פון וואָלאַדעקס אָרעם און זיך אָנגעהויבן דרייען מיט איר אין אַ ווילדן וואַלס.

— לאָזט צורו, משוגענער — האָט זי געלאַכט, — ס׳איז דאָ נישט קיין טאַנץ זאַל.

זי האָט זיך באַפרייט פון זיינע אָרעמס; פילנדיק נאָך, ווי ס׳דרייט זיך איר דער קאָפּ, ווי אין דער שלייף קלאַפּט דאָס בלוט, האָט זי, באַטראַכטנדיק אַלעמען מיט אַ פייכטן בליק, אַ זאָג געטון:

— חברה, איר דאַרפט זיך היינט פרייען מיט מיר... יאָ, אויף אַן אמת! איך בין אַזוי גליקלעך, אַזוי גליקלעך!

זי האָט איינגעזשמורעט די אויגן און אויסגעשטרעקט די הענט.

— היינט איז מיין גליקלעכסטער טאָג. היינט איז דער צוויי און צוואָנציקסטער. דו ווייסט דאָך, כאַיאַ, וואָס דאָס באַדייט פאַר מיר!... און איך האָב אים היינט געפונען!

אָלגאַ האָט ווידער אויפגעעפנט די אויגן, אַ שמייכלענדיקע. זי האָט אַלעמען ליב געהאַט אין דער מינוט, אַלע זענען איר געווען פריינד, און אַלע האָבן זי געמוזט פאַרשטיין.

— אַ נאָמען אַהער, דעם נאָמען פונם גליקלעכן! — האָט מיט חוזק אויסגעשריען באָגוש.

אָלגאַ האָט אויפגעהויבן די ווינקלען פון די ליפּן. זי האָט געשמייכלט.

— אַ נאָמען?... ער האָט נישט קיין נאָמען, ער האָט נישט קיין פאָטערלאַנד — ער, דער הערליכער עראָס!

זי האָט זיך צעלאַכט. איר פרייערלעכקייט האָט זי אַליין געוויילט.

— נו, מיר וועלן זיך געזעגנען?

כאַיסאַ אַנדרושקעוויטש מיטן באַראָן דירקס האָבן זיך גע־זעצט אין איין שליטן, טרונאָוו מיט באָגושן אין — צווייטן.

וואַסיאַ איז געווען גאַנץ שכור. ער איז פלוצים געוואָרן אָפּגעשוואַכט און האָט זיך קוים באַוועגט. דאָס אומבאַוואַקסענע קינדישע פנים איז בלייך געוואָרן, די אויגן אָפּגעמאַטערט, זיין געוויינלעכע פייערלעכקייט איז פאַרשוווּנדן נאָר די פולע ליפּן, וואָס זענען נאָך געווען נישט בולט אָנגעשטריכן און אימבאַרירט-פּריש, האָבן זיך געטרייסלט, ווי פון אַ בלוט-צופלוס.

ער האָט מיט פאַרליבטע אויגן געקוקט אויף אָלגאַן און שטיל געשמייכלט. ער האָט איר געוואָלט זאָגן עפּעס אָנגענעמס, ער האָט געוואָלט, אַז זי זאָל וויסן, ווי ער פאַרגעטערט זי, ווי פאַרליבט ער איז. ער איז געווען גערירט פון זיך אַליין, ער האָט זי שטיל אַ רוף געטון:

— אָליאַ!

אויף זיין רוף האָט זי זיך אומגעדרייט. זי האָט אומ-אויפהערלעך געשמייכלט. דאָס ביסל וויין, וואָס זי האָט אויס-געטרונקען אונטער די קוליסן, ביי דאַרסקין, האָט איר אַ ביסל פאַרדרייט דעם קאָפּ. ס'איז איר אָבער געווען אַזוי לייכט, אַזוי פריילעך.

— וואָס איז, וואַסיאַ?

— קומט צו צו מיר, איך קען נישט...

דער גימנאַזיסט האָט שולדיק אַ שמייכל געטון.

זי איז צו אים צוגעגאַנגען. ער איז געזעסן אין שליטן, אָנשפּאַרנדיק זיך אינגם אָנלען און מיט אַנטציקונג געקוקט אויף אָלגאַן, אויף אירע צעפּאַטלטע, דורכן פראָסט אָפּגעווייסט האָר.

די לאַמטערנע האָט געוואָרפן אויף זיין פנים פּאַסן בלייך ליכט, באַשטענדיק זיינע אויגן.

— ווי שיין איר זענט, וואַסיאַ! — האָט אָלגאַ אַזאָג געטון.

זי האָט זיך צום ערשטן מאָל איינגעקוקט אין אים. ט'האָט זי איבעראַשט, דערשראָקן און צוזאַמען דערמיט אויך דער־פרייט זיין פאַרליבטער בליק.

— אָליאַ, איר לאַכט פון מיר, אַזוי ווי שטענדיק...— האָט ער מיט פאָרוואורף אַרויסגעבורטשעט. — און איך געדענק אונזער געוועט... איר האָט צוגעזאָגט מיך אַ קוש צו טון, אויב כ'וועל מיט אייך אַ גאַנצן חודש נישט רעדן... דער חודש איז פאַריבער.

כ'האָב געשוויגן, אָליאַ...— האָט דער גימנאַזיסט איבערגע־חזרט, נישט אַראָפּנעמענדיק פון איר קיין אויג.

אָלגאַ האָט זיך צעלאַכט. זי איז שוין גרייט געווען צו־געבן דעם צוגעזאָגטן קוש, אָבער אָנבייגנדיק זיך צו וואַסיאַן, האָט זי דערזען זיינע אויגן, וואָס זענען פלוצים געוואָרן טראַ־גיש, ליידנד—אָנגעשטרענגט, און איז מיט שרעק אָפּגעשפּרונגען.

— ניין, ניין, וואַסיאַ, מען דאַרף נישט... אַדיע!

זי איז אַוועקגעלאָפן פון שליטן צום טראָטואַר, וווּ ס'האָט געוואַרט אויף איר דער רויקער און זיכערער שירווינסקי, און אָננעמענדיק זיין אָרעם, איז זי שנעל, נישט אומקוקנדיק זיך, אַוועק אין דער פינצטערער גאַס.

---

X

זיי זענען שנעל געגאַנגען. די גלעקלעך פון די אָפּפאָרנדע שליטנס זענען שטיל געוואָרן. אַ סקריפּנדיקע שנייאיקע שטילקייט האָט זיי אַרומגענומען. שוואַרצע שרעגעס הייזער האָבן זיך נעצויגן פאַר זיי.

אָלגאַ האָט מיט פאַרגעניגן אַריינגעטעמט דעם קאַלטן נעפּל; די קעלט האָט פאַרווישט דאָס אומאָנגענעמע געפיל, וואָס איז איבערגעבליבן נאָך וואַסיאַס בליק. אומשולדיק און אין דער זעלבער צייט אויך זינדיק, האָט ער געשראָקן מיט זיין אומגעוויינלעכקייט, מיט זיין אויפריכטיקייט. ער האָט זיך

אָפּגעגעבן און געפּאָדערט. ניין! ער איז געווען אומדערטרעגלעך! ס'האָט איר ווי געטון פאַר אים און פאַר זיך.

שירווינסקי איז געגאַנגען ביי איר זייט — אַהויכער, אַ רויקער, זיכער אין זיך.

אויפהויבנדיק די אויגן, האָט אָלגאַ אַפילו איצט אין דער פינצטער, בולט געזען זיין שאַרפן פּראָפיל מיט די חוצפּהדיקע וואָנסעס.

ער איז געגאַנגען רויק און געשוויגן, וויסנדיק, אַז זי קוקט אויף אים. ער האָט רויק געררויכערט זיין פּאַפּיראָס און אומגעשטערט געטראַכט וועגן עפּעס.

— וולאַדעק! — האָט אים אָלגאַ אַ רוף געטון

— וואָס, מיידעלע מיינס? — האָט ער רויק געענטפערט.

— כ'וויל נאָך נישט שלאָפן. מיר וועלן זיך דורכגיין איבערן בולוואַר.

— זייער גערן, טייערע...

— וולאַדעק, כ'וועל זיך באַליידיקן!

שירווינסקי האָט אַ שמייכל געטון. ער האָט גלייך פאַרשטאַנען דאָס שטאָלצע מיידל און האָט געוווּסט וואָס פאַר אַ טאָן אָנצונעמען.

— אין וואָס האַנדלט זיך הויכגעשעצטע?

אָלגאַ האָט אַ טופּ געטון מיטן פוס און גלייך זיך צעלאַכט.

— ניין, איר זענט אומדערטרעגלעך. זייט אַזוי גוט און רעדט מיט מיר ווי ס'איז צווישן מענטשן אָנגענומען.

— גערן... איר וועט מיר אפשר הייסן בעטן אַ קוש, אַזוי ווי דער ווילינקער וואַסיאַ?

דאָס מיידל האָט שטאָלץ אויפגעהויבן דעם קאָפּ.

— און ווען אפילו יאָ!

— איך דאַרף דאָס נישט, — האָט ער הויך געענטפערט. — איר וועט עס אַליין טון, אָן מיין בקשה...

— !!!

ער האָט זיך אומגעדרייט צו איר, אַ שמייכלענדיקער און זעלבסטזיכערער, האַלטנדיק אַלץ די הענט אין די קעשענעס פון זיין ברייטן פוטערנעם מאַנטל.

אָלגאַ האָט געשוויגן, נישט וויסנדיק צי זי זאָל זיך באַ־
ליידיקן, אָדער צעלאַכן.

זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט ביים סאַמע ברעג פון טייך,
וואָס איז איצט געווען פאַרקאָוועט מיט אייז.

אַרום זענען אין ווייסע תכרוכים געשטאַנען די פאַרשטאַר־
טע בוימער פון בולוואַר. הויך אויפן הימל האָבן געגלאַנצט די־
שטערן. אונטער די פיס האָט געסקריפּעט דער שניי.

די פייערלעכקייט פון דער ווינטער־נאַכט האָט זיך איבער־
געגעבן די מענטשן.

אַרומקוקנדיק זיך אומבאַשלאָסן האָט אָלגאַ שוין נישט גע־
קענט אָפּרייסן די אויגן פון דעם אַרומיקן. זי האָט פאַרגעסן
אָן שירווינסקין. זי האָט נישט געדענקט זיין חוצפּהדיקייט.

פונם צווייטן ברעג האָט זיך דערטראָגן דאָס גערויש
פונם אַוועקגייענדיקן צוג. איבער דעם, מיט שטאָל און זילבער,
גלאַנצנדיקן, טייך, איבער זיינע קאַפּריזנע אויסבויגן, איז אַדורך
געגאַנגען אַן אומרויקער קנאַל; אונטער דער ווירקונג פון אָט
דעם אָפּקלאַנג אין דער פאַרפרוירענער לופט, האָט אָלגאַן
אַרומגענומען אַ דערינערונג.

זי האָט דערזען די פאָרשנדיקע, אויפמערקזאַמע אויגן
פונם אומבאַקאַנטן. דאָס זענען געווען אויגן נישט קיין ליידנ־
שאַפטלעכע און נישט קיין גלייכגילטיקע, נישט קיין זינדיקע
און נישט קיין נאַיווע, אויגן, וואָס דרינגען אַריין אין דער
נשמה, מעגלעך, אַפילו נישט ווילנדיק, און נאָר דערפאַר, ווייל
קוקנדיק אויף זיי, פאַרגעסטו אָן זיך.

— וואָס זשע איז דאָס אַזוינס? — האָט אָלגאַ שטיל אַרויס־
געפליסטערט, פרייענדיק זיך, און נישט פאַרשטייענדיק.

זי איז צוגעגאַנגען צום סאַמע ברעג פון אָפּרייס, האָט
זיך אויסגעצויגן אויף אירע לאַנגע דינע פיס און זיך פאַרקוקט
אויפן העלן, גלאַנציקן פאַס פון טייך. זי האָט זיך שוין גע־
וואָלט וואַרפן אַראָפּ, אונטער דער ווירקונג פון אַ צוציאונגס־
קראַפט, פון דעם ווילן אַוועקצושווימען, פאַרשווונדן אינם זיל־
בערנעם גלאַנץ פון דער נאַכט, און פּלוצים האָט זי דערפילט,

ווי עמעצער הויבט זי אויף פון דער ערד און פּאַסט זי איין אין זיינע אָרעמס.

וואָס פּאַר אַ גרינגע משא איז עס געווען. שירווינסקי האָט זי כמעט נישט געפילט, אַרומטראָגנדיק זי איבערן בולוואַר, צווישן די ווייסע בוימער. ער איז צוגעפּאַלן צו אירע ליפּן, איינזויגנדיק זיי אין זיך. ער איז געווען פאַרשכּורט פונם דאָזיקן גאָלד-האָריקן מיידל, פון דער פייערלייכקייט פון דער שווינדיקער פאַרגליווערטער נאַכט. זי האָט אים געענטפערט מיט לאַנגע, ווילדע קושן, און ער האָט נישט געוווּסט, אַז ער גנבעט זיי נאָר צופעליק ביי אַ צווייטן.

פון פראָסט זענען אירע דינע ליפּן צעפּאַלן געוואָרן, און צוזאַמען מיט איר הייסן אָטעם האָט ער געזויגן איר רויט בלוט.

— מיין עראָס, מיין עראָס, — האָט אָלגאַ איבערגעחזרט צווישן די קושן—מיין ליכטיקער גאָט!

---

XI

נאָך ביז איצט האָבן די אָרגס אָפּגעהיט דעם מנהג אָנצוצונדן אין דער ווייַנאַכט אַ „יאָלקע", קסעניאַ איגנאַטעוונאַ, אָלגאַס מוטער וואָלט בשום אופן נישט מסכים געווען אָפּצושאַפן אָט דעם אַלטן מנהג. די איינציקע פרייד איז איר איבערגעבליבן נאָך דעם, ווי די קינדער האָבן, אומבאַמערקט פאַר איר, זיך אַרויסגערוקט פון אירע פליגלען.

נישט אַרזיסקומענדיק פונם שלאָפצימער, האָט זי נאָך לאַנג פאַר דער ווייַנאַכט געשיקט די דינסט אין די קראָמען מיט לאַנגע צעטלען, ווו ס'זענען פאַרשריבן געווען אַ רייע נויטיקע זאַכן פאַר דער „יאָלקע".

אַרומגערינגלט מיט בויגנס גאָלדן, זילבערן, רויט, גרין פּאַפּיר, מיט פּעקלעך טאַוועל און פלעשעלעך מיט קלעבבעכץ און פאַרב, באַוואָפנט מיט אַ שער אדער פענדזל, האָט די קראַנקע פרוי, אין אַ טונקל לויז קלייד, מיט טרויעריקע אויגן אויפן

בלייכן פנים, גאַנצע טעג געמלאָכהוועט פאַרשידענע באָמאָניער־קעס, קינסטלערישע קייטן, פאַנטאַסטישע שטערן, און אין דער דאָזיקער באַשעפטיקונג האָט זי געפונען מנוחה.

זי האָט ווידער געלעבט מיט די געדאַנקען וועגן אירע קליינע קינדער, זי האָט געזען זייערע גליקלעכע פנימלעך, זי האָט געהערט זייער קלינגנדיק געלעכטער. טיילמאָל, האַלטנדיק פאַר זיך עפעס אַ שפּילעכל, וואָס זי האָט צונויפגעקלעפּט מיט אירע אייגענע הענט, האָט זי געוויינט מיט טרערן פון גליק. זי האָט געקוקט אויף דעם שפּילעכל און פאַר איר האָט אויפגעלעבט אַ וועלט פון באַגייסטערטן פריידן, פון פאַנטאַסטישע חלומות. איר קראַנק האַרץ האָט געלעכצט נאָך ליבע, ס׳האָט געקלאַפּט נאָר פאַר ליבע כאָטש צו די פאַרביקע שפּילעכלעך.

קסעניאַ איגנאַטיעוונאַ האָט שוין העכער פינף יאָר געליטן אויף אַ שווערע האַרץ-נעווראָזע, וואָס האָט זיך מיט יעדן טאָג פאַרשאַרפט און געמאַכט איר לעבן אומדערטרעגלעך פאַר זיך און שווער פאַר די אַרומיקע. חדשים-לאַנג איז זי נישט געווען צוזאמען מיט דער פאַמיליע, פאָרנדיק זיך היילן קיין אויסלאַנד, אָדער איבערציענדיק זיך אין אַ צווייטע דירה, ווו זי איז, נישט צולאָזנדיק אפילו די קינדער, ארומגעגאַנגען איבער די ליידיקע צימערן, געפּייניקט פון אַ שרעקלעכן אומעט, וואָס איז געווען נאָך פיינלעכער דערפאַר, ווייל זי האָט נישט געוווסט די סיבה דערפון. אין די מינוטן פון בעסערונג פון גייסטיקן גלייכגעוויכט, פלעגט זי זיך דערמאָנען אָן די קינדער, און דעמאָלט איז אָנגעקומען אַן אויסברוך פון צערטלעכקייטן.

אָנווערנדיק נאָך דער חתונה די באַקוועמלעכקייטן, מיט וועלכע זי איז געווען אַרומגערינגלט מיידלווייז (זי איז געבוירן געוואָרן און אויסגעוואַקסן אין אַ רייכער פאַמיליע און האָט חתונה געהאַט פאַר אָרג׳ן קעגן ווילן פון די עלטערן) און גע־געדענקענדיק, אַ מידע, איר קינדהייט, ווי אַ גליק, האָט זי באַשלאָסן אויך אירע קינדער, פאַר יעדן פרייז, אַרומצורינגלען מיט אַזאַ „גליק״.

דער מאַן האָט, אַדאָאָק דער פּראָטעקציע פון דער פרויס

איינפלוסרייכע קרובים, אַוואַנסירט אויף זיין פּאָסטן, אָבער רייך זענען זיי דאָך נישט געווען. קסעניאַ איגנאַטיעוונאַ, וועלכע איז געווען קאַרג און האָט געהאַלטן פאַר פאַרשווענדעריש דעם מאַנס גרויסע אויסגאַבן, איז, ווערנדיק אַ מוטער, פּלוצים געוואָרן פאַרשווענדעריש, אַזוי פאַרשווענדעריש, ווי ס'קאָן נאָר זיין אַ פרוי, וועלכע האָט באַשלאָסן זיך מקריב צו זיין פאַרן גליק פון איר אָפּגאָט.

מיט עפּעס אַ נערוועזישער איילעניש, גלייך ווי זי וואָלט מורא געהאַט, אַז זי וועט פאַרשפּעטיקן, האָט זי זיך געוואָרפן אויף אַ־עמען, וואָס האָט געקענט אירע קינדער פאַרוויסטן, אָדער באַשיינען.

זי האָט נישט געוואָלט וויסן וועגן מאָס, וועגן מעגלעכקייטן. זי איז פּעיק געווען צו דערמאָרדן, צו באַראַבעווען, אַבי נאָר צו באַפרידיקן איר מוטערלעכן שגעון.

גאַנצע טעג האָט זי געלעבט מיט'ן געדאַנק, וואָס זי זאָל קויפן, אָדער מאַכן אירע קינדער.

שפּילעכלעך, ליאַלקעס, בערלעך אָנגעטון, גאַנצע מיניאַטור-וויפּראַוועס, העלע, פריילעכע קליידלעך און צאַרטע איידעלע שפּיצן — אָט דאָס גאַנצע אומגייטיקע פאַנטאַסטישע רייכטום האָט זי מקריב געווען פאַר אירע אָפּגעטער.

זי האָט געקויפט בלומען, אָנגעפּולט די צימערן מיט ריחות פון פּערפומס און זיך געפרייט ווי אַ קינד, ווען די טאָכטער אָדער דער זון האָבן געטראָפן דעם באַטרעפנדן ריח.

זי האָט זיי גערופן „מיין פּרינץ", „מיין פּרינצעסין". זי האָט שטאָלצירט מיט זייערע שיינע פּנימלעך און זיי איינגערעדט, אַז זיי זענען שיין. זייער ווילן איז געווען אַ געבאָט.

נישט ליב האָבנדיק קיין אַרבעט און זייענדיק צוליב די באַדינגונגען געצווונגען צו אַרבעטן, האָט זי אָפּגעהיט פון יעדער אַרבעט אירע קינדער, „וועלכע וועלן שפּעטער מוזן פּיל-פּיל אַרבעטן, און דעריבער זאָלן זיי זיך איצט אָנזעטיקן מיט לייידיקגיין".

זי האָט ער נאָר געלערנט בעטן, זי איז גערעכט געווען,

וזען דער זון און די טאָכטער, ביידע אין לאַנגע גאַכט-העמד לעך מיט שפּיצן, האָבן צונויפגליינדיק בעטנד די הענט, איר באַגעזאָגט מיט זייערע נאַיווע קולעכלעך די ווערטער פון געבעט.

אין ווינקל זענען געהאָנגען היילינקע בילדער אין גאָל־דענע און זילבערנע רעמלעך, וואָס זענען באַלויכטן געוועון מיט'ן היימלעכן ליכט פונ'ם לעמפל; די גאָלדענע קינדישע קעפּלעך האָבן זיך אויפגעהויבן צו די בילדער און אויסגעזען ווי מלאָכישע; אין דער וואַרימער לופט פונ'ם ווייסן קינדער־צימער האָט געשמעקט מיט דופטנדער אַמבראַ.

זי איז גרייט געווען אין אַזעלכע מינוטן צו וויינען פון גליק, פון מוטערלעכער שטאָלץ און אָפּפערדיקער ליבע. זאָלן די חובות וואַקסן, זאָל דער מאַן זיך זידלן און נאָך מער טרינקען, זאָל מען דאַרפן שרייבן צ ם פאָטער דערנידריקנדיקע בריוו וועגן הילף — דאָס אַלץ איז גאָרנישט אין פאַרגלייך מיט איר גליק פון מוטערלעכער זעלבסט-אָפּפערונג.

---

XII

אַרקאַדיען האָט, פאַרשטייט זיך נישט געווילט, די „יאָל־קע“. ער האָט שוין לאַנג פאַרגעסן די שטילע פרייד, ער האָט זיי ווי נישט באַמערקט, ער איז זיי פאַרבייגעגאַנגען: ער האָט יעדעס מאָל פאַרשאָלטן די שעה'ן, וואָס ר'האָט ווילנדיק — נישט ווילנדיק געמוזט פאַרברענגען צווישן די אייגענע. ער איז שוין לאַנג געווינט געווען צו קוקן אויפ'ן פאָטערס הויז, ווי אויף אַן אָרט, ווו מען פאַרברענגט, ווען מען האָט זיך נישט ווו אַהינצוטון. די מוטער האָט ער באַדויערט, ער האָט זי אָבער נישט פאַרשטאַנען און געלאַכט פון איר. ער האָט זיך באַצויגן צו איר מיט דרך־ארץ נאָר דערפאַר, בכדי צו געווינען זי פאַר זיך: ער האָט זיך שטענדיק גענויטיקט אין געלט, און די מוטער פלעגט עס אים ליפערן, אָפּשפּאָרנדיק פונ'ם באַלעבאַ־

טישקייט. דעם דרך־ארץ פאַר'ן פאָטער האָט ער פאַרלוירן, זינט יענער האָט צוזאַמען מיט אים, מעשה חברים, באַזוכט די קאַפע שאַנטאַנען.

אַ חוץ דעם האָט ער דעם פאָטער געהאַלטן פאַר'ן שול־ד'קן אין זיין אויסשליסן פון גימנאַזיע. געגנוג פעיק, אָבער פויל, וואָלט ער געווען געקענט מיט צרות ענדיקן. אָבער צום אומגליק האָט אַמאָל אין אַ סכסוך מיט אַ לערער זיך אָנגענו־מען פאַר אים דער, איבער דער מאָס אויפגערעגטער, וויטאַלי אוגוסטאָוויטש. דעם סקאַנדאַל האָט מען פאַרריבן, אָבער אַר־קאַדיען האָט מען אויסגעשלאָסן מיט אַ צייגניש פון געענדיקטע פיר קלאַסן.

דער בחור האָט זיך גלפּרובט דערנאָך צוגרייטן צו מאַ־טורע, אָבער דאָ זענען אָנגעקומען נייע נסיונות, און די לערע האָט מען אָפּגעלייגט אויף שפּעטער. אין פאָריקן יאָר האָט ער באַשלאָסן צו גיין דינען, אַלס פרייוויליקער, האָפנדיק מיט דער צייט צו ווערן אָפיציר; אָבער ביז איצט איז ער נאָך אַלץ געווען אַ הוזאַר מיט רויטע שנורן. מען האָט אים פאַר־רעכנט נאָר פינף חדשים דינסט, ווייל מערסטנטייל איז ער געווען אויף אורלויב.

דער שטילער נאַיווער יום־טוב האָט, פאַרשטייט זיך, נישט געקענט ווייזן אָט דעם שיינעם, שטענדיק אויספּערפּומירטן און אָנגעפּודערטן הוזאַר, מיט ווייכע קעצישע באַוועגונגען, מיט אַ סך רינגען אויף די פינגער, מיט אַלע געוווינהייטן פון אַ זינדיקער פרוי.

פאַר אָלגאַן זענען דאָס געווען אומגעווײנלעך פיינלי־כע טעג.

שוין פון דער מינוט אָן, ווי זי האָט דערפילט דעם סמאָלע־ריח פון דער „יאָלקע", וואָס מען האָט אַריינגעטראָגן אינ'ם גרויסן גאַסט־צימער, און זי האָט דערהערט דעם שטילן געראויש פון די שטעכיקע צווייגען — האָט זיך איר האַרץ גע־קאָרטשעט פון עפּעס אַ טרויעריקן פאָרגעפיל, און אַ אומאָנגענע־מעם געפיל פון עפּעס פאַרלוירנס, אומקערבאַר אָנגעוווירנס האָט

מיט אַ קעלט אַרומגענומען איר נשמה. ס'האָט זיך איר געוואָלט ערגעץ אַנטלויפן פון אָט די איינדרוקן, אָבער עפּעס האָט זי קעגן איר ווילן געצויגן צו דעם אייביק גרינעם, טויטן ביימל, וואָס איז באַפּוצט און באַמאָלט און מאַכט אויף איר דעם איינדרוק פון אַ מענטשלעכן סקעלעט מיט זיין אייביקן אָנציי-נערדיקן שמייכל, וועלכן מ'האָט אָנגעטון אין אַ חופּה-קלייד און אַריינגעשטעקט אין די ביינערדיקע הענט אַ וואַקסן ליכט.

זי איז אַריינגעקומען אינם גאַסצימער, האָט זיך אַוועק-געזעצט אין אַ פינצטער ווינקל, און פון דאָרט, נישט אַראָפּ-נעמענדיק קיין אויג, געקוקט אויף דער „יאָלקע".

זי וואָלט נישט געקענט זאָגן, וואָס פאַר אַ געדאַנקען זענען איר געקומען אין קאָפּ אַריין אין יענע מינוטן. ס'האָט זי אַרומגענומען אַ טעמפּ געפיל פון שרעק און אומעט.

מעגלעך, דאָס זענען געווען מטושטשע דערינערונגען וועגן דער פאַרגאַנגענהייט, וואָס וואָלט איר געקענט, ווען זי וואָלט געוואָלט, געבן אַן ערזאַץ פון גליק; אָדער אפשר האָט זיך פאַר איר פאָרגעשטעלט די קעגנוואַרט, אין וועלכער זי האָט, אַרומ-קוקנדיק זיך, שוין נישט געפינען קיין כּוח צו געווינען דאָס גליק. דאָס גליק, וואָס איז געווען אַזוי ווייט פון איר, און אָן וועלכן זי האָט זיך נישט געקענט באַגיין.

אָדער אפשר איז דאָס געווען אַן אומבאַוווסטזיניקער גייס-טיקער ווייטיק, וואָס פּייניקט אונז, ווען מיר זעען דאָס, וואָס האָט אונז אַמאָל געפרייט און איצט אָנגעוווירן דעם גאַנצן רייץ.

וואָס קען מען וויסן!

נאָכן אָפּעסן דאָס רייז-מאַכל, וואָס מען האָט דערלאַנגט באַפּוצט מיט אַ שטערן, האָט מען אָנגעצונדן די „יאָלקע" און אַלע זענען אַריינגעגאַנגען אין גאַסט-צימער.

וויטאַלי אַווגוסטאָוויטש האָט, לאַכנדיק, געקוקט אויפן ביימל, געררויכערט זיין ציגאַר און געזינגען לידלעך. אַרקאַדיע האָט מיט אַ מינע פון פאַראַכטונג געגעסן מאַרמעלאַד און בשעת מעשה געטראַכט, ווי אַזוי זיך אַרויסצוכאַפּן פון דאַנען. די אַלטע באָבע דעם באַלעבאָס'ס מוטער, וועלכע מען האָט געוויינלעך

נישט געזען, האָט זיך איצט באַוויזן מיט איר האַנט-אַרבעט און נייגיריק געוואַרט אויף די מתנות. זי איינע, וואָס איז געווען אויף „לאַסקאַווע ברויט“ ביי איר זון, וועלכער האָט זי נישט ליב געהאַט צוליב איר אַלטקייט און אומגוצלעכקייט, זי איינע פון דער גאַנצער פאַמיליע האָט, דאַכט זיך, געגלויבט אין פאַ-מיליען-גליק און פרידלעכן צוזאַמענלעבן. פאַר איר איז דאָס געווען אַ פאַמיליען-יום-טוב, ווי ס׳דאַרף צו זיין ביי אַלע אָנ-שטענדיקע מענטשן.

קסעניאַ איגנאַטיעוונאַ, אַן אויפגעלייגטע, אַן אויסגעפוצטע האָט געטיילט מתנות דעם באַלעבאָס, דער באָבע דעם זון און דער טאָכטער. די דינערשאַפט, יום-טובדיק אָנגעטון, האָט אויך באַקומען איר חלק. קיין געסט האָט מען אין דעם אָוונט נישט אויפגענומען.

XIII

די מענער זענען היינט זייער פרי פאַרשוווּנדן און אינם גרויסן גאַסט-צימער, ווו אויף דער הויכער, מיט וואַטע און שפילצייג באַשאָטענער, „יאָלקע“ האָבן מיט אַ שטילן קנאַקן דערברענט די ליכטלעך—זענען פאַרבליבן דריי פרויען: די באָבע, די מוטער און די טאָכטער. דריי פרויען—דריי דורות.

אַן אַלטיטשקע, אַ באַרויקטע, אַז אַלץ גייט כשורה, אַזוי ווי ס׳דאַרף צו זיין, אַ באַפרידיקטע אין איר פשוטן פאַרשטאַנד; אַ קראַנקע פאַרוועלקטע פרוי, אַ פאַרשיכורטע פונם ליגנט, וואָס זי האָט זיך אַליין באַשאַפן אין דעם, פאַר איר אומפאַרשטענ-דלעכן, כאַאָס, און וואָס האָט זי אונטערגעהאַלטן; און אַ יונג מיידל, וועלכע האָט גאָרנישט באַקומען פון דער פאַרגאַנגענהייט, וועלכע האָט נישט געקענט, אַזוי ווי איר באָבע, אויפנעמען דאָס לעבן אין די איינמאָל פאַר אַלעמאָל אָנגעצייכנטע אמת׳ן, אָדער, אַזוי ווי איר מוטער, טשעפען זיך אָן דעם ליגנט, אַ מיידל, וועלכע געזען דאָס אָרימקייט פון אָט די „אמתן“ און

„ליגנט", וועלכע איז אָבער נאָך בלינד געווען, בכדי צו גע־
פונען נייע וועגן, אַן איינזאַמע אין איר בלאָנדזשען, אין איר
דורשט דאָך צו לעבן, דאָך צו זיגן...

די אַלטע האָט געדרעמלט איבער איר האַנט־אַרבעט, קסע־
ניאַ איגנאַטיעוונאַ האָט געשפּילט שאָפּענס קאָמפּאָזיציעס.

אָלגאַ איז געזעסן אין אַ ווינקל, געקוקט אויף די ליכט־
לעך פון דער „יאָלקע" און געהערט. ענדלעך האָט זי נישט
אויסגעהאַלטן און ווייטיקלעך אַ זאָג געטון:

— מאַמע, הער שוין אויף!

קסעניאַ איגנאַטיעוונאַ האָט נערוועז איבערגעריסן איר
שפּילן, אָפּשטעלנדיק איר פיבערדיקן בליק אויף דער טאָכטער.
זי האָט זיך איינגעקוקט אין די גוט באַקאַנטע שטריכן פון אָט
דעם טייערן פּנים און נישט געקענט פאַרשטיין, פאַרוואָס זענען
זיי איר אַזוי פרעמד.

אָט דער רויקער ווייסער שטערן, אָט די דינע נאָז מיט
די טיף אויסגעשניטענע נאָזלעכער, אָט די קאַלטע, כסדר זיך
ביינטדיקע אויגן, אָט דאָס מויל מיט די סודותדיק אויפגעהוי־
בענע שאַרפע ווינקלען — אָט דאָס גאַנצע פּנים אין דער ראַם
פון טונקל־בלאָנדע האָר, איז דאָס טאַקע דאָס פּנים פון איר
טאָכטער, פון איר לאַלקע אַליין?

אינ׳ם דאָזיקן פּנים איז געווען עפּעס פּיינטלעכס, עפּעס
פאַרבאַהאַלטנס, עפּעס באַזונדערס סודותדיקס.

— וואָס איז מיט דיר, אָליאַ? — האָט געפרעגט די מוטער.

— אַך, גאָרנישט, מאַמע, גאָרנישט, ס׳ווירקט אויף מיר
דיין שפּילן. כ׳קען נישט, כ׳קען נישט!

זי איז אויפגעשטאַנען פון דער שטול און איז געגאַנגען
איבערן צימער, פאַרוואַרפנדיק די הענט אויפן האַלדז און פאַר־
בייסנדיק אַ ליפּ. זי האָט זיך באַמיט נישט צו טראַכטן, אָבער
צוזאַמען מיטן געוויינלעכן יום־טובדיקן אומעט האָט זי אַרומ־
געכאַפּט אַ האָפנונגסלאָזיקייט. פאַר איר איז געשטאַנען איר אומ־
באַקאַנטער, וואָס האָט זיך באַוויזן פאַר איר אין טונקעלן דורכ־

גאַנג פון וואַגאָן און איז אַוועקגעשווימען ווייט אין די ווייסע פעלדער. ווו איז ער, ווו איז ער?

אַך, ווי זי וואָלט געוואָלט וויסן כאָטש זיין נאָמען, נאָר דעם נאָמען, וואָס זי וואָלט געקענט איבערחזרן און דערמיט אים דערנענטערן צו זיך. זי האָט געפרווט לאַכן פון זיך, ס'האָט זי איבעראַשט, וואָס זי, שטענדיק אַזאַ קאַלטע, האָט אומגע- ריכט פאַר זיך אַליין, אָנגעהויבן צו טרוימען וועגן דער ליבע פונם דאָזיקן מענטש.

ניין, ס'איז איר ווייניק זיין נאָמען, זי מוז אים נאָכאַמאָל זען, הערן זיין קול, באַרירן זיין האַנט, אַריינקוקן אין זיין נשמה.

צוערשט האָט זי בלינד געגלויבט אין עפעס אַ נס, זי האָט אפילו געזאָגט לענאַן, אַז ער האָט זי ליב, אָבער שפּעטער, ווען זי האָט אין די אָרעמס פון שירווינסקין, געענטפערט אים אויף זיינע קושן, ווען זי האָט אויף איין אויגנבליק געמיינט, אַז איר חלום איז מקוים געוואָרן, און באַלד דערפילט, אַז זי איז אַליין, אַז ער איז נישטאָ מיט איר, אַז ער וועט אפשר קיינמאָל נישט זיין- האָט זי אַרומגעכאַפּט אַ טעמפּע פאַרצווייפ- לונג.

זי האָט געקענט שרייען, וויינען, זוכן אין דער גאַנצער וועלט און אים קיינמאָל נישט געפונען. האָט ער דען ווירקלעך עקזיסטירט? האָט ער זיך איר נישט געחלומט?

אָבער ניין! דאָס איז נישט געווען קיין חלום, וואָס קען פאַרגעסן ווערן אונטער דער ווירקונג פון אַ צווייטן חלום, דאָס איז געווען ווירקלעכקייט, וואָס וועט זיך קיינמאָל נישט איבערחזרן.

ביז נישט לאַנג האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז ער איז מיט איר, זי האָט געלעבט מיט דעם געדאַנק, אָבער מיט וולאַ- דעקס ווילדע קושן, האָט זי פאַרשטאַנען, אַז ער איז נישטאָ. ער וועט קיינמאָל נישט זיין.

איבערחזרנדיק די ווערטער: „ער איז נישטאָ און וועט נישט זיין", האָט אָלגאַ געפילט, ווי איר נשמה ווערט ביסלעכ- ווייז פאַרשטיינערט, נאָך דעם שאַרפן ווייטיק, איז די דאָזיקע קאַלטע רויקייט געווען היילבאַר פאַר איר. זי האָט פאַרקוועטשט

די ציין און איבערגעחזרט: „ער וועט נישט זיין, ער וועט קיינמאָל נישט זיין... און זאָל זיין אַזוי"...

וואָס-זשע, איך וועל זיין, אַזוי ווי אַנדערע! גענוג צו פאַנטאַזירן. ס'ווילט זיך דיר קושן — קוש זיך, ווילסט זיין רייך — פאַרקויף זיך, ווי מעגלעך איז טייערער אַלץ איז נאַריש-קייטן. נישט דו דאַרפסט וויינען! זענען דאָך דיר אָנגענעם געווען מראַווסקי-סעווסקיס קושן! און שירווינסקי, וואָס שרעקט דיך און ציט דיך מיט זיין ליידנשאַפט און עקשנות? און וואַסיאַ, דאָס יוגגל מיט די זינדיקע אויגען? זיי אַלע ציען זיך דאָך צו דיר, יעדער אויף זיין אופן ציט דיך צו, חלומט וועגן דיר... וואָס-זשע טויג דיר יענער, דער אומבאַוווסטער?... ליבע? און ווער זאָגט, אַז זייער געפיל איז נישט קיין ליבע, אַז דו האָסט זיי נישט ליב? האָבן דאָך דעם אַקטיאָרס קושן דיר גליק געגעבן, פון שירווינסקיס אומאַרמונגען קאָכט דאָך ביי דיר דאָס בלוט!...

אָלגאַ האָט זיך אָפּגעשטעלט פאַר דער מוטער.

— מאַמע, זאָג מיר, איך בין זייער שען?

— וואָס פאַר אַ פראַגע!

— ניין, זאָג מיר דעם אמת.

קסעניאַ איגנאַטיעווגאַ האָט אויסגעצויגן צו דער טאָכטער די הענט

— דו ווייסט דאָך, אַז פאַר מיר ביסטו אַ שיינהייט.

— נאָר פאַר דיר?

— און וועמען נאָך וואָלסטו געוואָלט געפעלן?

די מוטער האָט צוגעצויגן צו זיך דאָס מיידל, און צערט-לעך אַריינגעקוקט אין אירע אויגען, וואָס האָבן איצט שטאָלך געפינקלט.

אָלגאַ האָט אַ הויב געטון מיט די אַקסלען.

— איך ווייס דאָך, אַז איך געפעל... אָבער דאָס איז אַ נאַרישקייט: זאַג מיר, אויף וואָס קען איך רעכנען?

— איך פאַרשטיי נישט, אָלגאָ, וואָס דו רעדסט!

— אָך, גאָט מיינער... ווי נאַיוו דו ביסט, מאַמע. איך וואָלט נישט געוואָלט זיך ביליק פּאַרקויפן...

זי האָט רויק געקוקט אין דער מוטערס פּנים.

קסעניאַ איגנאַטיעוונאַ האָט מיט שרעק זיך אָפּגערוקט פון איר.

— וואָס פאַר אַ ציניזם! פון וואַנען אַזעלכע געדאַנקען? זאָג, אַז דו האָסט געשפּאַסט, באַרויק מיך, הערסט! נו, שווייג, רעד בעסער נישט. און דאָס ביסט דו, מיין פּרינצעסין! דו, וועלכע כ׳האָב אַזוי פאַרגעטערט! ווו איז דיין האַרץ, דיין געוויסן? איך האָב דיר אַלץ אַוועקגעגעבן, איך האָב דיך אַרומגערינגלט מיט זאָרגפעלטיקייט, צערטלעכקייט, איך האָב דיך אויסגעלערנט בעטן... דו ביסט געווען אַזאַ ריינע, אַזאַ שטילע... אָבער ניין, ניין, דאָס קען נישט זיין... גיב אויף מיר אַ קוק, גיב זשע אויף מיר אַ קוק, ווייז מיר דיינע אויגן. אַזוי, אַזוי — זיי וועלן מיך נישט אָפּנאַרן. זאָג מיר, דו ביסט דאָך די זעלבע, וואָס ביסט געווען? יאָ...

אָלגאַ האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני פאַר דער מוטער.

קסעניאַ איגנאַטיעוונאַ האָט געהאַלטן דער טאָכטערס קאָפּ אין אירע קאַלטע הענט. איין באַק און ברעם האָבן ביי איר נערוועז געציטערט.

— באַרויק זיך, מאַמע. כ׳האָב דיר נישט געוואָלט פאַרשאַפן קיין עגמת-נפש.

— נו, יאָ, כ׳האָב דאָס געוווסט... גענוג, וואָס דיין ברודער...

אָלגאַ האָט איר איבערגעשלאָגן:

— מיין ברודער איז נישט ערגער און נישט בעסער פון אַנדערע. ער איז אַזאַ, ווי ער איז, אָבער צום גליק איז ער אַ מאַנספּאַרשוין. איבריקנס, איך נעם נישט צוריק מיינע ווערטער. איך האָב דיך געפרעגט גאַנץ ערנסט. ווייסט, איך רעכן, אַז דו האָסט צעבראָכן דיין לעבן...

— וואָס?

— יאָ, יאָ, מאַמעשי... רעג זיך נישט אויף, נאָר הער...
איך ווייס, אַז דו ביסט געווען זייער אַ שיינע, דו ביסט פאַר מיר אויך איצט שיין...
אָלגאַ האָט אַ גלעט געטון מיט איר דינער האַנט איבער דער מוטערס בלייכער באַק און האָר.
— שלאָג מיר נישט איבער. דו האָסט אַוועקגעגעבן דיין שיינקייט, דיין יוגנט מיין פאָטער און וואָס איז פון דיר געוואָרן...
— אָלגאַ, דו ווייסט דאָך, ווי איך האָב אים ליב געהאַט.
— נו, יאָ, איך ווייס. דו האָסט געוואָלט זיין גליקלעך און ביסט עס געווען אַן אויגנבליק. איך בין נישט אַזעלכע — איך דאַרף האָבן אַ סך גליק.
— דאָס וויל יעדער. וועסט זיך פאַרליבן, חתונה האָבן.
אָלגאַ האָט זיך צעלאַכט, צופאַלנדיק מיט דער באַק צו דער מוטערס שויס.
— מאַמעשי, מאַמעשי, ווי נאַריש דו ביסט.
זי האָט אַלץ מער געלאַכט. באַלד האָט זי רחמנות באַ-קומען אויף דער מוטער, דערנאָך אויף זיך. טרערן האָבן זיך איר באַוויזן אין די אויגן.
קסעניאַ איגנאַטיעוונאַ האָט זיך אָנגעבויגן איבער איר. אַ דערשראָקענע, נישט פאַרשטייענדיק גאָרנישט, האָט זי זיך באַמיט אַריינצודרינגען אין אָט דער פרעמדער נשמה, וואָס איז געשטאַנען פאַר איר. נערוועזע ספּאַזמען האָבן איר צוגעטרעטן צום האַלדז.
— זאָג מיר, פרייד מיינע, האָסט עמעצן ליב?
ס'האָט זיך איר געדאַכט, אַז זי טאַפּט עפּעס אָן אין דער פינצטערניש, וואָס רינגלט זי אַרום.
— אַך, איך ווייס נישט, כ'ווייס נישט, כ'ווייס גאָרנישט...
אָלגאַ האָט געוויינט. דאָס פאַרשטיינערטקייט האָט אָפּ-געטרעטן.
— רוף מיר אים אָן, — האָט זי די מוטער געבעטן, — דאָס איז דאָך אַזוי פאַרשטענדלעך... ווי הייסט ער?...

— אָלגאַ האָט פּלוצים אויפגעהויבן דעם קאָפּ. זי האָט אַ קוק געטאָן אויף דער מוטער מיט ברייט געעפנטע שטרענגע אויגן, פול מיט טרערן.

— און וואָס ווערסטו מיר זאָגן, מאַמאַ, ווען כ'וועל דיר ענטפערן, אַז כ'ווייס נישט זיין נאָמען. כ'ווייס לחלוטין נישט, ווער ער איז.

— הייסט עס, ער איז נישטאָ?

אָלגאַ האָט געשוויגן. אירע אויגן זענען טרוקן געוואָרן, אָבער אין דער ברוסט האָט עפּעס געברענט. די מוטער האָט אַראָפּגעלאָזט איר קאָפּ אויף דער טאָכטערס פּנים. זי האָט געשעפּטשעט אַ תּפלה.

די באָבע איז רויק געשלאָפן איבער איר האַנט-אַרבעט. ווו-נישט-ווו האָט אויף דער „יאָלקע" אַ פלאַם געטאָן אַ ליכטל, וואָס האָט שוין דערברענט.

XIV

אין דעם אָוונט איז אָלגאַ פרי אַוועק אין איר צימער. זי האָט זיך אויסגעטאָן, אַוועקגעשטעלט אויפן נאַכט-קאַסטן אַ ליכט און אָנגעהויבן שרייבן אין איר טאָג-בוך, וואָס זי פלעגט פירן אויף שטיקלעך פּאַפּיר, אין פאַרשידענע העפטן. זי האָט אָנגעשריבן עטלעכע שורות און זיך פאַרטראַכט.

צופיל איז ביי איר געווען אויפן האַרץ, און זי האָט נישט געקענט איבערגעבן דאָס אַלץ, וואָס זי האָט געפילט.

ענדלעך, האָט זי פאַרלאָשן דאָס ליכטל און איז שטיל געבליבן, אַרונטערגענעמענדיק אונטער זיך די פיס און באַהאַלטנדיק די הענט צווישן די דאַרע קני.

ס'האָט זיך איר אָבער נישט איינגעגעבן איינצושלאָפן. ווי-נאָר די געדאַנקען אירע האָבן אָנגעהויבן אָנצונעמען לעבעדיקע פאָרמען, האָט די טיר אַ סקריפּ געטאָן און אַרקאַדיע איז אַריין-געקומען.

— דו שלאָפסט נאָך נישט? — האָט ער געפרעגט, אָנרייבנ־דיק אַ שוועבעלע און אָנצונדנדיק דאָס ליכט.

— ניין, וואָס איז אַזוינס?

אָלגאַ האָט זיך אויפגעזעצט אין בעט, גרייט צו הערן. דער ברודער האָט זיך איינגעאָרדנט לעבן איר.

זיי האָבן אָפטמאָל אַזוי גערעדט ביינאַכט. זי האָט זיך נישט געשעמט פאַרן ברודער.

ער האָט געטראָגן רויטע הויזן און אַ ווייס, שטאַרק פערפומירט העמד. צווישן די ציין האָט ער געהאַלטן אַ האַלב אויסגערויכערטן ציגאַר.

— נו, דערציילט, — האָט אים אונטערגעזאָגט די שוועסטער. זי האָט דערוואַרט, אַז אַרקאַדיע וועט אָנהויבן רעדן וועגן זיך, וועגן זיינע נצחונות, ער פלעגט עס שטענדיק טון, ווען ר'איז געוועזן אַליין מיט דער שוועסטער, פאַרגעסנדיק אינגאַנצן, אַז זי איז פאָרט אַ מיידל.

— נו, הער,—האָט ער אָנגעהויבן.—היינט וויל איך ערנסט זיך אַן עצה האַלטן מיט דיר.

— אין וואָס האַנדלט זיך?

— דו ווייסט דאָך, פאַרשטייט זיך, וועגן מיינע באַציִונגען מיט וואַריאַן...

— פאַרשטייט זיך, אַלע ווייסן דערפון, — האָט זיך אָלגאַ צעלאַכט.

אַרקאַדיע האָט זיך פאַרקרומט.

— כ'האָף, אַז דו ביסט מיר נישט קיין פרעמדע, און איך מעג מיט דיר זיין אָפנהאַרציק?

— נו, גוט, גוט, וואָס זשע ווייטער?

— ווייטער איז דאָס, אַז וואַריאַ שוואַנגערט!

— שוואַנגערט? — האָט כמעט אויסגעשריגן אָלגאַ, קוקנדיק מיט שרעק אויפן ברודער.

— שריי נישט אַזוי,— האָט ער זי אָפּגעשטעלט,— אָט דאָס איז דאָך די זאַך. איך האָב אַליין נישט געוווּסט וועגן דעם ביז היינט. ערשט איצט האָט זי זיך מודה געווען.

אַרקאַדיע איז אויפגעשטאַנען פון בעט און אָנגעהויבן אויפגערעגט צו שפּאַנען איבערן צימער.

— וואָס זשע האָט איר בדעה צו טון.—האָט אַ זאָג געטון אָלגאַ, נאָך אַלץ דערשלאָגן, צוליב דער חברטע, וועלכע זי האָט זייער ליב געהאַט.

— וואָס מיר האָבן בדעה צו טון? פרעג זי, וואָס זי וויל טון, — האָט מיט פאַרדרוס אַרויסגעזאָגט אַרקאַדיע, ביילנדיק די פויסטן. — שטענדיק איז עס אזוי, איר רופט עס אָן פאַרגוואַל־דיקונג און לסוף זענען מיר פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אַלץ! ווי געפעלט דיר, פון וואַנען נעמען זיך אַזעלכע אידעען ביי אַ נאַריש מיידל? האָט זיך איינגעליבט, ווי אַ קעצל, אַ שטילע, אַ גוטע, און דערנאָך...

אָלגאַ האָט אויפגערעגט אַ מאַך געטון מיט דער האַנט.

— רעד צו דער זאַך! וואָס איז פאָרגעקומען?

— רעדן צו דער זאַך איז נישטאָ וואָס. מיט איין וואָרט, זי איז צופעליק אָדער בכיוון שוואַנגער געוואָרן.

— וואָס הייסט בכיוון?

— אַזוי הייסט עס! כ׳קען פאַרשטייט זיך, אויף זיכער נישט זאָגן, אָבער איך שווער ביי גאָט, אַז כ׳בין אַזוי ווי שטענדיק געווען פאָרזיכטיק. פאַרשטייסט? און אפשר איז עס פון אַ צווייטן?

אָלגאַ איז אויפגעשפּרונגען פון בעט. זי איז געווען אי שרעקלעך, אי אַנטציקנד אין איר כעס. דאָס פייער פונם ליכט האָט אָפּגעגלאַנצט אין אירע האָר, וואָס זענען אויף ביינאַכט געווען פאַרפלאָכטן אין צעפּלעך, די דינע פיס האָבן אויסגעזען ווי אויסגעטאָקט פון עלפאַנט־ביין.

— שווייג! הערסט, שווייג, דו געמיינער! וואַג נישט צו רעדן אַזוי וועגן וואַריאַן.

אַרקאַדיע האָט זיך פאַרלוירן. ס׳האָט אים איבערראַשט דער שוועסטערס שיינקייט. ער האָט נישט געגלייבט זיינע אויגן, פאַרגעסנדיק כמעט ווער עס שטייט פאַר אים.

— לאָז צורו, איך האָב געשפּאַסט.

אָלגאַ האָט זיך אָפּגעקילט, דערהערנדיק זיין נישט דרייסטן ענטפער. ס'איז איר געוואָרן קאַלט, און זי האָט זיך שנעל באַהאַלטן אונטער דער קאָלדרע.

אַרקאַדיע איז אויך געקומען צו זיך. אַוועקוואַרפנדיק דאָס שטיקל ציגאַר, האָט ער זיך געזעצט אויפן בעט לעבן דער שוועסטער און אָנגעהויבן צו רעדן שטילער.

— פאַרשטייט זיך, איך האָב געשפּאַסט. וואַריאַ איז אַ גוט, ריין מיידל. זי איז די ערשטע, וואָס איך באַגעגן, און איך האָב שוין געהאַט אַ סך... זי פאַרמאָגט אַ וועלט מיט האַרץ, פון איר וואָלט געווען אַן אויסגעצייכנט ווייב. אָבער דו פאַרשטייסט דאָך, אַז ביי די עקזיסטירנדע באַדינגונגען איז עס פאַר מיר און פאַר איר אַן אומגליק. זאָג דו אַליין. איך קען מיט איר נישט חתונה האָבן, זי איז אַ „מיעשטשאַנקע״, און באַזונדערס וויל איך ווערן אַן אָפיציר. הייסט עס, אַז פון דעם איז אָפּגערעדט. און זי אַליין האָט קיין איינמאָל נישט גערעדט מיט מיר וועגן חתונה — דאָס מוז מען, צו מיר גונסטן, מודה זיין. און צוזאַמען דערמיט, ווען איך האָב, דערוויסנדיק זיך, אַז זי איז שוואַנגער, איר פאָרגעלייגט, זי זאָל זען לויז צו ווערן דערפון —האָט זי זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט.

— וואָס, זי וויל האָבן אַ קינד? — האָט זיך אָלגאַ פאַרוווּנדערט.

פונם געדאַנק אַליין, איז איר קאַלט געוואָרן, און זי האָט זיך איינגעוויקלט אין דער קאָלדרע. אָט דעם ווילן צו האָבן אַ קינד, האָט ביי איר אויסגעזען שרעקלעך ווילד. פון דער מינוט, ווי זי האָט דאָס דערהערט, האָט זי אויפגעהערט צו פאַרשטיין וואַריאַן און איז שוין געגויגט געווען מוחל צו זיין דעם ברודער זיין אויפרעגונג.

אָט דאָס איז דאָך דאָס אומגליק!—האָט פאָרגעזעצט דער דערמוטיקטער, פון דער שוועסטערס אויסרוף, אַרקאַדיע, — דערצו דאַרף מען דאָך זיין משוגע! און וויפיל כ'האָב זי נישט איבערפייגט, האָט גאָרנישט געהאָלפן. אַלץ דאָס זעלבע: „דאָס איז דיין קינדעלע, כ'האַב עס ליב, כ'קען זיך נישט שיידן

מיט דעם, ס'איז אונזערס, אונזערס — כאָטש צעשנייד, כאָטש דערהרגע". און וויינט און קושט די פיס... כ'האָב זיך קוים אָפּגעטשעפּעט. דער טייוול ווייסט עס!

ער איז פאַרשוויגן געוואָרן, קנאַקנדיק נערוועז מיט די פינגער.

אָלגאַ האָט אויך געשוויגן. זי האָט בולט געזען פאַר זיך וואַריאַן, אַ דאַרינקע, אַ שוואַרצינקע, אַ קליינינקע. אַזאַ שטילע, מיט גרויסע בלאָע אויגן. אין די אויגן איז געווען אַזוי פיל ליבע, אַזוי פיל איבערגעגעבנקייט. ווען זי האָט זיך פאַרליבט אין אַרקאַדיען, האָט זי קיינעמען נישט דערציילט וועגן דעם, און נאָר געוויינט. זעצט זיך אַנידער ערגעץ אין אַ ווינקעלע און גיסט מיט טרערן.

אָלגאַ האָט געוווסט וועגן אַלעמען און אָפט געגלעט די חברטע איבערן קאָפּ.

— דו האָסט אים צופיל ליב,—פלעגט זי זאָגן,—מען דאַרף נישט אַזוי.

און דאָס מיידל פלעגט צופאַלן צו איר מיטן שוואַרצן קאָפּ און שעפּטשן:

— אַך, ווי איך האָב אים ליב, כ'קען דיר גאָרנישט אי-בערגעבן....

און פּלוצים איז דאָס קינד שוואַנגער. ווי נאַריש, ווי אומגלייבלעך נאַריש.

— זי וועט מוזן אַרויסטרעטן פון גימנאַזיע נאָך פאַר די עקזאַמענס — האָט אָלגאַ הויך געטראַכט.

— געוויס, און בכלל איז מיאוס, — האָט געענטפערט דער דערשלאָגענער אַרקאַדיע.

XV

די יום-טוב טעג זענען געפלויגן.

אָלגאַ האָט זיך געוואָלט פאַרגעסן. פאַרגעסן אַלץ, פאַר-

געסן דעם אומעט. זי איז געפאָרן פון איין באַל אויפן צווייטן. זי איז געווען פריילעך און פאַרפירעריש. אַלע האָבן אָן אויפהער אַרום איר געטאַנצט.

איינמאָל אין דער פרי, פאַר ניי-יאָר, איז צו די אָרגס צוגעפאָרן שירווינסקי און איינגעלאַדן אָלגאַן זיך דורכצושליטלען.

זי האָט שוין געוואָלט אָפּזאָגן, נאָר אַ קוק טוענדיק אין פענצטער אויף דער העלער זון, אויפן בלישטשנדיקן שניי, איז זי נישט בייגעשטאַנען און אַרויפוואַרפנדיק אויף זיך דאָס פוטערל, איז זי אַרויסגעלאָפן צום שליטן. שירווינסקי האָט קוים באַוויזן איר נאָכצוגיין.

זיי זענען געפאָרן אונטער דער שטאָדט. דאָס פערד איז שנעל געלאָפן, האָט הויך געהויבן די שלאַנקע פיס און פאַרוואָרפן דעם שליטן מיט שניי.

אָלגאַ האָט פאַרדעקט דאָס פנים מיט דער „מופקע" און שטיל געלאַכט. אירע אויגן האָבן געלויכטן פון אונטערן היטל אַפער, און די האָר האָבן געגלאַנצט אזוי ווי טונקל גאָלד.

וולאַדעק האָט זי געהאַלטן פאַר דער טאַליע און נישט אַראָפּגענומען זיין קאַלטן שטעכיקן בליק פון איר פנים. די שפּיץ נאָז ביי אים איז רויט געוואָרן, און די פאַרדרייטע וואָנסעס זענען ווייס געוואָרן פון פראָסט. ער האָט געטראָגן אַ סטודענטיש היטעלע און אַ שיינעם מאַנטל מיט אַ פוטערנעם קאָלנער. אַפילו אויפן פראָסט האָט זיך געפילט פון אים שטאַרקע ענגלישע פּערפומען און טאַבאַק „capstan". ער האָט שטענדיק געלייגט אַכט אויף זיין אויסערלעכקייט און ווי אַן אמתער פּאָליאַק, אונטערגעשטראָכן דאָס, וואָס ער האָט אָנגערופן „גוטע מאַנירן". ער האָט געהאַלטן ביי ענדיקן דעם אוניווערסיטעט און בדעה געהאַט זיך איינצוואָרדנען אין פעטראָגראַד, אַלס געהילף-אַדוואָקאַט, האָבנדיק דערצו פעיקייטן און מצגלעכקייטן. מ'האָט אים געהאַלטן פאַר אַ קלוגן, אויסגערעכנטן, און מ'איז מיט אים קיינמאָל נענטער זיך נישט צונויפגעגאַנגען. דאָ, אין שטאָט, האָט ער אונטערגעהאַלטן חברישע באַציונגען נאָר מיט אַרקאַדיען און באַראָן דירקס. איינער איז געווען אַ זון פון אַ

מיטגליד פון געריכט, דער צווייטער – אַ זון פון פּראָקוראָר, שוין לאַנג אָן אַ פאָטער און מוטער פלעגט ער די וואַקאַציע־צייט פאַרברענגען ביי אַ פעטער, אַ מיטעלער גוטבאַזיצער, וועמענס גוט איז געלעגן נאָנט פון שטאָט. וואָלאַדעק האָט זיך געמוזט אַליין צוקלויבן אַ קרייז באַקאַנטע. ער האָט עס געטון זייער באַרעכנט און שטענדיק זיך געקענט אַוועקשטעלן אויף דער געהעריקער הויך.

אָלגאַ איז געווען זיין קאַפּריז, מעגלעך, ער האָט געזען אין איר דאָס, וואָס אַנדערע האָבן פאַרקוקט.

יעדנפאַלס האָבן איר אינטעליגענץ, שאַרפער שכל, פעיקייט צו דערקענען מענטשן, איראָניע און אַפילו דער עגאָיזם אירער – אים צוגעצויגן, אַ חוץ דעם האָט איר אויסערלעכקייט שטענדיק געווירקט אויף אים.

גאָט ווייסט, וואָס פאַר אַ תענוגים ער האָט דערוואַרט מיטן באַזיצן זי. ער האָט געהאַט אַ פאַרגעניגן צו רעדן מיט איר, ווי מיט אַ קאָקעטין, זי האָט זיך קיינמאָל נישט געמאַכט נאַיוו, געענטפערט אויף זיינע פראַגן דרייסט און אָפן, און דאָס האָט אים משוגע געמאַכט.

אין זיינע מחשבות האָט ער זי איבערגעטון אין פאַרביקע, שרייאיקע קליידער, אַראָפּגעלאָזט איר אויף די אויגן די גאָלדענע לאָקן, באַשאָטנט איר פּנים מיט אַ ברייטן שוואַרצן הוט מיט אַ ריזיקער פייער־רויטער פעדער. ער האָט זי געוואָלט זען אין אַ פינצטער ווינקל פון אַן אַרטיסטישער שענק, צווישן בלומען–אַרכידעען, קאַמעליען, נאַסטורציעס, אין אַ געמיין ציצן קליידל, פון אַן אומדערטרעגלעך ראָזן קאָליר מיט גרינע גרעשעלעך מיט אַ קליינעם דעקאָלט, אינגאַנצן אַנטבלויזט די דינע שטעקלעך־הענט, וואָס זאָלן אומפאַרשעמט אונטערהייבן דאָס קליידל איבער די דינע, אין שוואַרצע זאָקן, פיסלעך. אַ פאַרשכורטע, אַן אומפאַרשעמטע און דאָך מיידלש אומבאַרירטע, האָט זי געדאַרפט ליידנשאַפטלעך און סודותדיק אויסבויגן די האַלבע לבנה פון אירע רויטע ליפּן און קינדיש שמייכלען מיט אירע אויסגעביילטע קעצישע אויגן.

אָט די בילדער האָבן ביי וואָלאַדעקן אַרויסגערופן אַ ברעג-נענדיקן בייזן ווייטאָק, באַגער, צוניפּצוקוועטשן, צוצערייסן דעם מיידלס ווייסן קערפּער.

ער האָט געפילט, אַז ער איז פאַרשכורט, אוממעגליך צו דענקן. זיינע אויגען זענען געוואָרן קאַלט און שטעכעדיק, אַזוי ווי דער פראָסט. ער איז גרייט געווען אויף אַלעמען.

ביז צו דער ראָגאַטקע האָבן זיי ביידע געשוויגן. ער — פאַרוישט פון די תאוה׳דיקע בילדער, זי — אַ פאַר׳חלום׳טע, האָט זיך צוגעקוקט צום שוועבן פון דער שנייאיקער פלאַכטע, לענג אויס דעם וועג און אויף די דעכער פון די הייזער.

---

XVI

ווען זיי זענען איבערגעפאָרן די ראָגאַטקע און אַרום ביידע זייטן פון שליטן האָט זיך צעפלעסקעט דער אין ווייסע וועלן פאַרשטאַרטער ים פון פעלדער, און פון דערווייטנס האָט זיך באַוויזן דער וואַלד, האָט וואָלאַדעק אָנגעהויבן צו רעדן:

— הערט אויס אָלגאַ, — האָט ער געזאָגט, נישט אַראָפּנעמענדיק פון איר פּנים זיין שאַרפן בליק און דריקנדיק זי פעסט אַרום דער טאַליע, — ס׳וועט זיך לאַנג אַזוי ציען?

— וואָס אַזוינס?

— איך רעד וועגן אונזערע באַציונגען. זיי געפעלן מיר נישט. ס׳איז נישטאָ אין זיי דאָס וויכטיקסטע — אויפריכטיקייט. איר וועט אַליין מודה זיין, אַז מיר טוען ווייט נישט דאָס, וואָס מיר וואָלטן געוואָלט. און אייגנטלעך איז דאָס מעגלעך און אַפילו נייטיק. איר און איך — מיר זענען ביידע מענטשן פון ענלעכע פאַרלאַנגען. מיר פאַרמאָגן אַ סך מוט און ריזיקע אַפּעטיטן.

— איר רעדט געוויס נאָר וועגן זיך.

— ס׳הויבט זיך נישט אָן. איך קען אייך אַזוי גוט, אַז

ב׳מעג אויך רעדן וועגן אייך. איך חזר איבער, מיר האָבן ביידע ליב דאָס לעבן, מיר ווייסן די ווערט פון מענטשן, און מער פאַר אַלץ האָבן מיר ליב זיך. איר, אַלס מיידל, האָט נאָך אייערע פאַנטאַזיעס, איליוזיעס, נאָר מיט דער צייט וועלן די פאַרשווונדן, כ׳פאַרזיכער אייך. לאָמיר זיין אויפריכטיק. איר האָט געוויס שוין לאַנג באַמערקט, אַז איך ווער באַרוישט, פאַרליר דעם קאָפּ, ווען איך זע אייך, קוש איך אייך, באַריר דעם זוים פון אייער קלייד. מיינע קושן זענען אייך נישט גלייכגילטיק, אין דעם בין איך זיכער. אייער שרעק, אייער פאַרלירן זיך — זאָגן עדות...

אָלגאַ האָט זיך צעלאַכט, אַראָפּלאָזנדיק די „מופקע״ אויפן שויס און, אומדרייענדיק זיך צו איר באַגלייטער, האָט זי געזאָגט:

קייגן וואָס זאָגט איר דאָס? איר ווילט מיר פאָרלייגן אייער מאַגנאַטישע ליידנשאַפט און ליידיקע קעשענעס? זופיל כבוד, „פאַן״ וולאַדיסלאַוו! פאַרד־נט פריר מיין ליבע, און דערנאָך וועט איר מיר שוין מאַכן אַ פאָרשלאַג...

אָלגאַ האָט נאָך געוואָלט לאַכן, אָבער, איינקוקנדיק זיך אין שירווינסקיס פנים, האָט זיך איר שוין אָפּגעגליסט דאָס לאַכן. ער האָט זיך לחלוטין נישט פאַרלוירן. ר׳איז געזעסן רויק, נישט אַראָפּלאָזנדיק פאַר איר די אויגען און האָט אויפגענומען אירע ווערטער, אַלס נאַטירלעכע. זי האָט אים געוואָלט איבעררעדן, פאַרשעמען, אויפוועקן פאַראַכטונג צו זיך, רעדנדיק וועגן זיין אָרימקייט, אָבער ער איז פאַרבליבן גלייכגילטיג, זיינע ליפּן זענען געווען שטייף צוזאַמענגעקוועטשט אונטער די אָנגעפּרוירענע וואָנסעס, און נאָר די נאָזלעכער פון זיין דינער נאָז, האָבן לייכט געציטערט. ס׳האָט זי אַרומגענומען אַ שרעק, אַ פיזישע שרעק, אויסגעמישט מיט נייגיריקייט און חוצפה פון אַ מענטש, וואָס פּרובט זיין מזל. זי האָט געקוקט אין שירווינסקיס שטעכיקע, חוצפה׳דיקע אויגען, פאַר וועלכע זי וואָלט זיך גערן באַהאַלטן, און וועלכע האָבן צוזאַ-

מען דערמיט אויך געצויגן צו זיך, און נאָך אַ קורצן שווייגן, האָט זי צוגעגעבן:

— זייט וויסן, אַז איצט זענט איר פאַר מיר אָבשיילצך...

ער האָט איר געגעבן צייט פאַרצווזצן, אָדער צו פאַר־ריכטן איר גראָבקייט און, נישט דערוואַרטנדיק זיך פון איר מער קיין וואָרט, האָט ער געענטפערט:

— איר היצט זיך אומזיסט, אָלגאַ. טראַכט לאָגיש! זיין גורל קען קיינער נישט אויסמיידן. איך האָב אייך ליב, און איר וועט זיין מיינע. איר ווייסט אויסגעצייכנט, אַז מיט אייך וועל איך שטענדיק האָבן געלט און אַ סך געלט, און וואָס איז נוגע די „פעדעם פון הימען" — מיין איך, אַז איר האָט וועגן זיי קיינמאָל נישט געטרוימט. דאָס חתונה האָבן איז נישט פאַר אייך מיט אייער כאַראַקטער, מיט אייער אויסערלעכקייט קענט איר זיך שאַפן אַ גלענצנדע צוקונפט, וועגן וועלכער ס'האָבן נישט געטרוימט די באַרימטסטע העטערעס. די ליבע פון איינעם וועט אייך נישט באַפרידיקן, איר דאַרפט די פאַרערונג פון טויזנטער. דער אייביקער דורשט נאָך ליבע, ליבע וואָס עק־זיסטירט נישט אויף דער ערד, וואָס איז צוטרעטלעך נאָר פאַר געטער, קען געשטילט ווערן נאָר דאַן, ווען איר וועט זי פאַר־בייטן אויף אומגעהייערן לוקסוס און אומבאַגרענעצטער מאַכט איבער הערצער. איר וועט זיין די פיאָנערין פון אַ נייעם קולט; איר וועט צווינגען, אַז מען זאָל אייך און אייערע שוועסטער, וואָס האָבן איצט קיין אָרט נישט אין לעבן, געבן רעכט אויף עקזיסטענץ אויסער דעם פאַמיליען־לעבן, אויסער די קייטן... איר דאַרפט נאָר אָנהויבן, און איך וועל אייך העלפן.

זי האָט נאָך אַלץ געקעמפט מיט זיין ווילן, מיט איר שרעק און געפרוווט שפּאַסן:

— גאָט מיין איינציקער, וואָס פאַר אַ גלענצנדע צוקונפט! איר דאַרפט נאָך צוגעבן: „און דו וועסט זיין די הערשערין פון דער וועלט".

זי האָט נישט באַוויזן צו ענדיקן, מיט אַ האַסטיקער באַ־וועגונג האָט ער זי צוגעצויגן צו זיך און האַלטנדיק איר קאָפּ אין זיינע הענט, נאָכפאָלגנדיק מיט זיינע אויגן איר דערשראָ־

קענעם אַנטלויפנדן בליק, האָט ער אַרויסגעכאָרכלט אין אויער אַריין:

— דו וועסט נישט אַנטלויפן פון מיר. ווען איך וואָלט געוואָלט, וואָלט איך דאָ אויפן אָרט דיך געקענט באַזיצן... דו געמיין שלענגל!

ער האָט בכיוון באַנוצט גראָבע באַליידיקנדע ווערטער און איר געדרוקט דעם קאָפּ ביז ווייטיק. ס'האָט אים באַהערשט אַ קאַלטער שגעון, אַ ליידנשאַפטלעכע שנאה.

אָלגאַ האָט צוזאַמענגענומען די לעצטע כוחות. די פיזישע שרעק האָט זי ווילד געמאַכט. זי האָט זיך אַ ריס געטון, געבנדיק אַ שטאַרקן קלאַפּ אין שירווינסקיס ברוסט, און איז מיט איין שפרונג אַראָפּ פונעם שליטן.

---

XVII

אָלגאַ איז געפאַלן גלייך אין שניי אַריין. ס'איז געווען איין אויגנבליק, ווען ס'האָט זי אַרומגעכאַפּט אַ ווילן צו פאַרמאַכן די אויגן און צו ליגן אומבאַוועגלעך לאַנג, אייביק, אָבער אַ נייע כוואַליע פון שרעק האָט זי געצוווּנגען אויפצושטיין און אַנטלויפן אין פעלד.

זי איז געלאָפן אָן אַן אָטעם, איבער די קני אין שניי, פאַלנדיק פון די כוחות.

ענדלעך האָט זי דערפילט, אַז זי איז נישט בכוח צו שטעלן אַפילו איין טריט מער. זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד און זיך אומגעקוקט.

שירווינסקיס שליטן האָט זיך אָפּגעשטעלט אַ היפּש שטיקל וועג פון אָרט, ווו אָלגאַ איז געלעגן. וולאַדעק איז אַראָפּ פון שליטן און געגאַנגען אויפן וועג, מורא האָבנדיק אַפּנים אַראָפּצוגיין אויפן פעלד, ווו דער שניי איז געווען זייער טיף און ער האָט זיך לייכט געקענט אָפּפרירן די פיס, ווייל ער האָט נישט געטראָגן קיין באָטן. צוגייענדיק צום ראָוו, וועלכן אָלגאַ

איז פריער אַריבערגעשפּרונגען, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און אָנגעהויבן צו רופן דאָס מיידל און מאַכן צו איר מיט די הענט. אָבער זי איז געזעסן אומבאַוועגלעך, בלאָנדיק מיט אַ צעשטרייטן בליק איבערן גלאַנציקן שניי־פעלד, דאַן האָט ער זיך אַנטשלאָסן און געלאָזט זיך גיין צו איר. קוקנדיק, ווי קאָמיש ער גייט, צעפּירט די הענט און צעשטעלט די פיס, האָט אָלגאַ זיך באַ־רויקט. ס׳האָט איר אויסגעזען נאַריש איר פריערדיקע שרעק און דאָס אַנטלויפן. זי איז איצט געווען זיכער, אַז שירווינסקי וואָלט זיך קיינמאָל נישט באַשלאָסן אויף קיין גוואַלט־טאַט בנוגע איר. אַלץ יאָ, אָבער נישט דאָס. אַ חוץ דעם האָט זי איצט דערפילט איר מאַכט איבער אים. איצט האָט זי פאַרשטאַנען, ווי שטאַרק זיין באַגערן איז, און דאָס אומבאַפרידיקטע באַגערן זיינס האָט איר געשמייכלט און צוזאַמען דערמיט אויסגעזען לעכערלעך, אַזוי ווי יעדער מאַן איז לעכערלעך פאַר דער פרוי, וועלכער ס׳האָט זיך איינגעגעבן זיך אַרויסצורייסן פון זיינע הענט. זי האָט איצט כמעט פאַראַכטעט וולאַדעקן.

קוקנדיק אויף אים, ווי ער האָט זיך פּאַמעלעך דער־נענטערט צו איר, האָט זי צו זיך געזאָגט, אַז ער איז אַ טרוס, אַ נישטיקער טרוס און אַז איר שרעק איז פאַר אים אַ צו גרוי־סער כבוד.

„כ׳וואָלט אים געווען געדאַרפט אָנשרעקן מיטן ברודער— האָט זי געטראַכט.

ענדלעך איז ער שוין געווען עטלעכע טריט פון איר.

— וואָס איז מיט אייך, אָלגאַ? וואָס פאַר אַ ווילד אַנטלויפן? האָבן אייך טאַקע מיינע ווערטער אָנגעשראָקן?

ס׳האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז אין זיין קול קלינגען חרטה׳דיקע טענער. דאָס האָט איר נאָך מער צוגעגעבן מוט. זי האָט איראָניש געשמייכלט.

כ׳וויל מיט אייך נישט רעדן. און זייט אַזוי גוט, גייט נישט צו נאָנט צו מיר, באַרירט מיך נישט. כ׳האָף, אַז איר פאַרמאָגט נאָך אַזוי פיל אָרנטלעכקייט, אַז איר וועט זיך מטריח זיין אַראָפּפאָרן אין שטאָט און שיקן מיר אַ דראָזשקע.

אים האָט אָנגעהויבן צו ווילן איר טאָן. ער האָט זיך געשראָקן פאַר טרערן, היסטעריקע, פּאָרווורפן. אירע ווערטער האָבן אים באַפרייט פון דער, אים נישט אַנטשפּרעכנדער ראָלע פון אַ טרייסטער. דאָס אַלץ איז פּשוטער געוואָרן. ער האָט איבערגעטריבן הכנעה'דיק זיך פאַרנויגט און געענטפערט:

— מיין שליטן איז צו אייער דינסט.

— אָבער איך וועל נישט פאָרן מיט אייך.

דאַן האָט ער באַשלאָסן נישט צו אַמפּערן זיך, צו שפּילן אַ ראָלע פון אַ מענטש, וואָס האָט צוליב זיין גרענעצלאָזער ליבע אָפּגעטון אַ נאַרישקייט און איצט איז ער דערשלאָגן דערמיט הכנעה'דיק, אָבער מיט ווירדע פון אַ באַזיגטן ריטער, האָט ער אַרויסגעמורמלט:

— אָ, ווען דעם האָב איך גאָרנישט געוואַגט צו טראַכטן, כאָטש איך פיל זיך אומשולדיק, בין איך גרייט זיך מודה צו זיין אין מיין שולד. די סיבה פון דעם אַלעמען איז מיין ווילדע ליידנשאַפט, קעגן וועלכער איך בין, צום באַדויערן אוממעכטיק.

און, דערזעענדיק איר אומגעדולדיקן זשעסט, האָט ער זיך גלייך איבערגעשלאָגן:

— אָבער דאָ איז נישט דאָס אָרט אויף דערקלערונגען. איך בעט אייך נאָכאַמאָל זיך צו באַנוצן מיט מיין שליטן, און איך וועל גיין צופוס.

צוויי מאָל האָט מען זי נישט געדאַרפט בעטן. פון זיצן אומבאַוועגלעך זענען איר די פיס געוואָרן פאַרפרוירן און זי איז געווען צופרידן זיך אַרויסצוקריגן פון דאַנען.

---

XVII

דאָס אָנגעפרוירענע פערד האָט געבענקט נאָך אַ וואַרי-מער שטאַל און איז געלאָפן שנעלער, ווי פריער.

אַלטע בערעזעס מיט צווייגן, אויסגעקרומט דורך עפּעס אַ, מענטשן אומבאַוווסטן, פיבער, זענען געלאָפן אַנטקייגן, ביי

די זייטן פון וועג, גלייך ווי זיי וואָלטן אין זייער נישט ווי־לנדן אופן זיך געוואָלט אָנטשעפּן אָן דעם שליטן, אין וועלכן אָלגאַ איז געזעסן.

אָלגאַ האָט אַזוי ווי פאַרגעסן אָן אַלעמען און געטרוימט. אירע טרוימען, וואָס זענען געווען אומגעוויינלעך, האָבן זי אַוועקגעטראָגן ווייט פון דער ווירקלעכקייט און איינגעשלעפערט. זיי זענען געווען צונויפגעשפינט פון זונען־שטראַלן און פראָסט־נאָדלן. פאַרכשופטע שלעסער זענען אויפגעשטאַנען און, ווי צו־קער, צעגאַנגען געוואָרן.

פאַרוואָס האָט זי אין איר האַרץ נישט געפונען קיין כעס, קיין באַליידיקונג? פאַרוואָס איז שירווינסקי מיט זיינע פינצטערע פאַרלאַנגען געווען איצט אַזוי ווייט פון איר? זי וואָלט נישט געקענט אויף דעם ענטפערן.

דאָס לייכטע רוקן זיך פון שליטן איבערן סקריפּנדיקן שניי, האָט זי אַלץ ווייטער אָפּגעריסן פון דער ווירקלעכקייט. זי האָט זיך נאָך קיינמאָל נישט געפילט אַזוי פריידיק. איר פנים איז פאַרבליבן שטרענג, אָן אַ שמייכל, און נאָר אין דער נשמה האָט געהערשט אַ זיסע רויקייט. זי איז געווען איינע אַליין אינם זוניקן שווייגן פון די פאַרפרוירענע פעלדער, — די מענטשן מיט זייער לעבן זענען געווען ווייט פון איר. ס׳איז איר געפעלן צו זיין פאַרפרוירן, פאַרשטאַרט.

מטושטשע בילדער פון עפּעס אַ מעשה׳לע זענען געבוירן געוואָרן, און באַלד געוואָרן בלאַס, בכדי מער זיך שוין נישט צו באַווייזן. ס׳איז אוממעגלעך געווען זיי אויפצוכאַפּן און אי־בערגעבן אין פאַרבן, קלאַנגען אָדער ווערטער.

ווען זי האָט אַ טראַכט געטון וועגן דעם, איז איר געוואָרן טרויעריק, וואָס זי איז אַזאַ טאַלאַנטלאָזע. שפּאַסנדיק, פלעגט זי דער ברודער רופן „קינסטלערישע נאַטור אָן טאַלאַנט”. איצט איז פאַר איר געווען אַ באַליידיקונג. און ווירקלעך, זי האָט אַ סך געפילט, אָבער ס׳איז באַלד פאָראיבערגעגאַנגען. צוליב וואָס־זשע לעבט זי? אָ, געוויס נישט פאַר אָט דעם נודנען גראָען לעבן פון אַ פרוי און מוטער. בלויז דער געדאַנק וועגן דעם, דער־

הרגט זי! ניין, ניין, קיינמאָל נישט! אָבער וואָס-זשע דען? זי קען נישט זיין נישט קיין מאָלערין, נישט קיין מוזיקערין, נישט קיין שרייבערין, אַפילו נישט קיין אַקטיאָרקע... פאַר אַן אַק-טיאָרקע האָט זי צו-ווייניק געדולד. זי וואָלט קיינמאָל נישט געוואָרן קיין גרויסע אַקטיאָרקע, און אַ קליינע — ניין, דאָס איז אויך נישט פאַר איר.

זי האָט אַ שמייכל געטון. די געדאַנקען האָבן צוגעפירט צו שירווינסקין. זי האָט זיך דערמאָנט אָן זיינע ווערטער, וואָס האָבן איר אויסגעזען אַזוי קאָמיש. ליבע... זי האָט געטרוימט וועגן איר, זי האָט געוואַרט אויף איר, געבענקט נאָך איר, זי האָט אָבער קיינמאָל נישט געטראַכט, אַז ליבע קען זיין אַ קונסט, אַ פאַך, אַ באַרוף. מיט אָט דעם אַלעמען איז ביז איר פאַר-בונדן געווען אַ פאָרשטעלונג, ווי פון עפעס נידריקס, ברודיקס. זי האָט אַפילו געוווסט דעם נאָמען דערפון. אַזאַ גראָבער נאָ-מען, וואָס איז אָפטמאָל געפאַלן פונם ברודערס מויל.

אָ, ניין! אָט די געמיינע פרויען, כמעט חיהשע, וואָס פאַרדינען אויף ברויט מיט זייער קערפּער — זיי זענען נישט געווען קיין פּריסטערינס פון ליבע.

און די ליבע איז דאָך אַזוי הערלעך. זי פאַרמאָגט אַזוי פיל סודותדיקס, אַזוי פיל כשוף, וואָס איז צוטרעטלעך נאָר פאַר קינסטלער. און זי געהער נישט אַהער און נישט אַהין: נישט צום פאַמיליען-לעבן (זי האָט זיך גלייך דערמאָנט אינם לעבן פון איר מוטער און פאָטער) און נישט צו דער גאַס, ווו געפאַלענע פרויען האַנדלען מיט ליבע. ווו זשע איז איר אָרט?

אפשר צווישן יענע, וועגן וועלכע שירווינסקי האָט גע-רעדט? צווישן אָט די נייע פרויען, וועלכע קענען ליבן, אוי-סער אַלע ראַמען? אָבער נישט פאַרשטייענדיק, האָט זי דאָך אָפּגעפילט, אַז דאָ איז פאַראַן עפעס אַ ליגנט; אַז דאָס זענען נאָר שיינע ווערטער. אָבער מען מוז דאָך אין עפעס גלויבן, און נאָר דעמאָלט קענען מקוים ווערן די טרוימען. און ווידער האָט זי אָנגעהויבן צו שפינען אַ לעגענדע, אָבער דאָס איז שוין געווען גאָר אַן אַנדערע, אַ נייע, אַ ברענענדיקע. דאָס איז

געווען עפּעס אַ גאָלדענער שטורם, וואָס אין זיין גלאַנץ האָט געוועלטיקט זי — אָלגאַ. דערנאָך זענען די פאַרבן בלאַסער געוואָרן. זי האָט דערזען פאַר זיך די טונקלע טרעפּלעך פון וואַגאָן, און אויף זיי דאָס טרויעריקע פּנים פונם אומבאַקענטן. דאָס האַרץ האָט זיך איר ווייטאָקלעך איינגעקאָרטשעט. זי האָט אויפגעהויבן די אויגן און זיך אַרומגעקוקט. זיי זענען שוין געפאָרן איבער די שטאָטישע גאַסן. אין ווינקל, אויף אַ פּלויט איז געווען צוגעקלעפּט אַ רויטער אַפיש, אויף וועלכן ס'איז מיט גרויסע אותיות געווען אויפגעשריבן:

„אינם הויז פון דער מענער גימנאַזיע, וועט מיט דער דערלויבניש פון דער לייטערשאַפט, היינט פאָרקומען אַ סטודענטישער קאָסטום-באַל, לכבוד דעם נייעם יאָר. איינטריט פאַר בילעטן. דער ערשטער טייל: לעבעדיקע בילדער, געזאַנג, דעקלאַמאַציע, אַ כאָר פון באַלאַלייקעס. צווייטער טייל: אַפּאָטעאָזע פון נייעם יאָר. טענץ. אָנהויב 8 אַ זייגער אָוונט".

אָלגאַ האָט, אַ קוק טוענדיק אויפן אַפיש, גלייך זיך דערמאָנט, אַז איר קאָסטום איז נאָך נישט פאַרטיק, און זי האָט האָט אָנגעהויבן אונטערצוטריאָגן דעם פורמאַן.

ס'איז שוין געווען פיר אַ זייגער.

---

XIX

צום ערשטן טייל האָט אָלגאַ טאַקע נישט באַוויזן צו קומען ווייל, אָנמעסטנדיק דעם פאַריעריקן קאָסטיום פון „קאַרמען", וואָס די שניידערין האָט איצט איבערגענייט, האָט זי זיך צעקאַפּריזעוועט און באַשלאָסן צו פאָרן אין אַ געוויינלעכער דאָמינאַ. ביז מען האָט איר אויפגענייט די דאָמינאָ פון שוואַרצן זייד מיט אַ גאָלד-געלן אונטערשלאָג און אויך מיט אַזעלכע גרויסע קנעפּ און קאַפּטור, ביז זי האָט זיך אָפּגעוואַשן, אָנגעפודערט, אָנפּערפומירט, צוגעקעמט, ביז זי האָט געפונען די שוואַרצע זיידענע זאָקן, וואָס זי האָט געדאַרפט, און די געלע

סאַפּיאַנענע לעטשלעך, ביז זי האָט ענדלעך זיך אָנגעטון און נאָכאַמאָל אַ קוק געטון אין שפּיגל, – האָט געשלאָגן עלף.

אַ חוץ דעם איז ביי איר פאָרגעקומען אַן אומאָנגענעמע סצענע מיטן פאָטער. אַריינגייענדיק צו אים אין קאַבינעט, בכדי צו בעטן געלט אויף אַ דראָזשקע און בלומען (וואַסיאַ טרונאָוו האָט צוגעזאָגט צו קומען נאָך איר, ער האָט אָבער צוליב עפּעס פאַרשפּעטיקט), האָט זי אים געטראָפן זיצן אויף דער קאַנאַפּע מיטן דינסט-מיידל מאַשאַ, וועלכע האָט דערזעענדיק דאָס פרייי-לין, זיך אַ וואָרף געטון צו דער טיר, זי האָט אָבער שוין נישט באַוויזן אַדורכצוגיין און זיך געמוזט אָפּשטעלן, בכדי אַדורכצולאָזן דאָס פריילין.

ס'איז פאָרגעקומען אַ ווילדע מיאוסע סצענע. דער צע-ווילדעוועטער פאָטער האָט געשריגן אויף דער טאָכטער, פאַר-וואָס זי גייט אַריין, נישט פרעגנדיק, אין קאַבינעט, און דער-ביי זיך פאַרענטפערט, אַז דאָס מיידל האָט אים מאַסירט די-האַנט, אָלגאַ ווידער האָט געשריגן אויפן פאָטער, און אַן אויפ-געצרעגטע נאָך פון פריער, געטופּעט מיט די פיס און געפאָדערט, אַז ער זאָל גלייך, די מינוט אַרויסטרייבן מאַשאַן.

אויפן טומעל איז אָנגעלאָפן קסעניאַ איגנאַטיעוונאַ, וועל-כע האָט באַקומען אַ נערוון-אָנפאַל, און מען האָט זי געמוזט אַריינטראָגן אין שלאָפצימער.

צום גליק איז אַרקאַדיע נישט געווען אין דער היים. ער איז נאָך יענעם אָוונט פאַרשוווּנדן געוואָרן ערגעץ אין אַ שכנותדיק גוט, אויף יאַגד. כמעט גאַנץ יום-טוב איז ער נישט געווען אין דערהיים, ווייל ער האָט מורא געהאַט זיך צו באַ-נעגנען מיט וואַריאַן.

צוליב די אַלע אומאָנגענעמלעכקייטן און אומדערוואַרטעטע שטערונגען, איז אָלגאַ אַריינגעקומען אינם אַקט-זאַל, וואָס איז אויף דעם אָוונט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ טאַנץ-זאַל, אין דער מינוט, ווען דער פאָרהאַנג איז צום לעצטן מאָל אַרונטער-געפאַלן, פאַרדעקנדיק דאָס לעבעדיקע בילד פון געבוירט פונם נייעם יאָר.

אָלגאַ האָט מיט די אויגן אָנגעהויבן צו זוכן אירע חבר־טעס און באַקאַנטע.

צו איר זענען צוגעקומען און זיך געגריסט סטודענטן, גימנאַזיסטן, יאַנקערן און קאַדעטן, וועלכע זי האָט קוים דער־קענט, אָבער מיט וועלכע, ווי ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, זי האָט געטאַנצט פאַראַיאָרן און פאַר צוויי יאָר. זי האָט צו זיי אַלע פריינדלעך געשאָקלט מיטן קאָפּ און צוגעזאָגט צו טאַנצן. אָט די אומבאַוואָקסענע יונגע פּנימער האָבן מיט אַנטציקונג אָדער מיטגעפיל געקוקט אויף אָלגאַן, און זי איז געוואָרן אַלץ פריי־לעכער. די באַקאַנטע באַל־אַטמאָספערע האָט זי מיט אַ הייסער כוואַליע אַרומגענומען און פאַרשכּורט. דער קאָפּ האָט זיך איר אָנגעהויבן צו פאַרדרייען, די אויגן האָבן פריילעך געגלאַנצט, די פיס האָבן זיך אַליין געהויבן.

דאָס גערויש פון אָפּגערוקטע שטולן האָט, ווי דאָס גע־רויש פון אַ לאַווע, זיך געטראָגן פון איין עק זאַל ביזן צווייטן. טראַדיציאָנעלע מאַרקיזן, ציגיינער, קוימענקערער, נימפעס, ווינטערן און פרילינגען האָבן זיך צונויפגעגאָסן אין איין פאַר־ביקע, פריילעך גוגערדיקע, מחנה.

צו אָלגאַן האָט זיך צוגעשטופט דער פאַרסאַפּעטער וואַסיאַ. אין דער אויסגעצויגענער האַנט האָט ער געטראָגן אַ גרויסן בוקעט פון ווייסע און געלע כריזאַנטעמען.

— אָט האָב איך אייך, — האָט ער געשריגן. — אַנטשולדיקט מיר, אָליעטשקאַ, וואָס כ׳האָב זיך אַזוי מיאוס פאַרשפּעטיקט. מיר האָבן זיך אויסגעמיטן. אָבער גוט, וואָס מיר האָבן זיך ענדלעך געטראָפן. אָט האָט איר דעם צוגעזאָגטן בוקעט. נעמט אים און קומט מיט מיר. דאָ איז שרעקלעך הייס. איר האָט געוויס נישט פאַרגעסן, אַז דער ערשטער וואַלס, מאַזורקע, פּאָלקע און קאָטיליאָן טאַנצן מיר צוזאַמען. אמת? פאָרזיכטיק — טרעט נישט אויפן שלעפּ פון אָט דער סימפּאַטישער הערצאָגין. אַך סאָניעטשקאַ! אַ גוטן אָוונט... מיט אייך? יאָ, יאָ, פאַר־שטייט זיך.

ער האָט געהאַלטן אָלגאַן פאַר דער האַנט, אַדורכשטופּנדיק

זיך פּאָראויס, גריסנדיק זיך אין אַלע זייטן, שלאַנק, בויגעוודיק, אַזוי ווי אַ שלאַנג, אין זיין גימנאַזיסטישן מונדיר, — און נישט אויפגעהערט צו רעדן און צו לאַכן. זיינע גרויסע שוואַרצע אויגן האָבן געפינקלט מיט קינדישער פרייד. ער האָט שוין נישט געשראָקן אָלגאַן מיט זיין אימהדיקן בליק אויפן בלייכן שפּורן פּנים.

ער איז ווידער געווען דער פריילעכער גימנאַזיסט, אַ ווילער חבר און אויסגעצייכנטער טענצער, צו טאַנצן מיט וועמען, איז געווען אַ באַזונדערער כּבוד.

---

XX

אָלגאַ האָט געטראָפן אַלע אירע בעסטע חברטעס—כאַיסאַן, מאַניאַן, לענאַן, וואַריאַן, און מיט זיי די קאַוועלירן זייערע — סאַניאַס זשאָשרזיק דעם פּאָליטעכניק אַנטאָשאַ באָגוש און דעם באַראָן פאָן דירקס.

זיי האָבן אַלע הויך געלאַכט אַ חוץ וואַריאַן, וואָס איז געזעסן פון דערווייטנס, שווייגנדיק, און אומרויק געקוקט צו דער טיר.

וואַריאַ האָט זיך די ערשטע אַ לאָז געטון צו אָלגאַן מיט אַ פאַרגליווערטע פראַגע אויפן פּנים.

אָלגאַ האָט איר מיטפילנדיק געדריקט די האַנט.

— ער וועט קומען?

— כ׳ווייס נישט, כ׳לעבן...

דאָס יונגוואַרג האָט געשריגן:

— אַ גליקלעך יאָר!

פונם טאַנץ-זאַל האָבן זיך געטראָגן שאַרפע קלאַנגען פון די אָנגעסטריאָטע אינסטרומענטן.

לענאַ האָט כּסדר געלאַכט, אַ שכּורע פון פרייד, מיט אירע ברענענדיקע קאַרשן-אויגן, מיט צעפּאַטלטע האָר, אין אַ האַלב-פאַנטאַסטישן ציגיינער-קאָסטיום.

מאַניאַ אין אַ קאָסטיום פון אַ טיראָלערין האָט אויסגע־זען זייער ליב, מיטן פאַריסענעם נעזל, מיט די נאַרישע בלאָע אויגעלעך, מיטן פוכקע תאַווהדיקן מויל און מיט די לעכעלעך אין די בעקלעך.

ווייטער אַ ביסל, צווישן די פאַלמען איז געזעסן ראַיסאַ מיטן באַראָן.

אָלגאָ האָט אַ פליעסקע געטון מיט די הענט, דערזעענ־דיק זי. זי איז געווען אין אַ קאָסטיום פון מעפיסטאָ: בלוט־רויטע, טריקאָטן אויף די פיס און אַ שוואַרצע פעדער אינם רויטן היטעלע, ביי דער זייט איז געהאָנגען אַ שווערד. דאָס פנים האָט מען באַלד דערקענט.

ביי אירע פיס איז געזעסן, אינגאַנצן אין ווייסן אַ בליי־כער פעררא.

— ראַיאַ, וואָס טוט זיך מיט דיר? מען וועט דיך אַרויס־פירן!

כאַיאַ האָט געשמייכלט.

דער באַראָן האָט, מעלאַנכאָליש אָנבויגנדיק דעם קאָפּ, אין ווייסן קאָלפּאַק, אָן אַ זייט, סקאַנדירנדיק דעקלאַמירט פערזן.

— כ׳דאַרף מיט אייך רעדן, אָליאַ,—האָט אונטער איר גע־פליסטערט וואַסיאַ.

אָבער אָלגאַ האָט קוים געהערט. אין איר באַשיידענער שוואַרצער דאָמינאָ מיט גרויסע געלע קנעפּ, האָט זי געשוויגן, אַראָפּלאָזנדיק די הענט, לענגאויס די דאַרע היפטן. אירע אויס־געבויגענע ליפּן האָבן טויט געשמייכלט מיט די אויפגעהויבענע ווינקלען, די אויכגעביילטע אויגן פאַרשטאַרט, דאָס רויטע ליכט האָט זיך געגליטשט איבער איר בלייכן פנים. זי האָט זיך באַ־מיט עפּעס צו פאַרשטיין, און אפשר האָט זי שוין געפילט עפּעס, וואָס פאַר אַנדערע איז געווען אומפאַרשטענדלעך.

— אָליאַ, וואָס איז מיט אייך? איר הערט?

— יאָ, וואַסיאַ.

איר קול האָט געקלינגען ווי פון דערווייטנס. זי האָט זיך נישט אומגעדרייט צו טרוגנאָוון.

— איך מיין אַלץ דאָס זעלבע, אָליאַ, — האָט געשעפּטשעט וואַסיאַ, זיין קול האָט געציטערט און דאָס פּנים איז געוואָרן אָנגעשטרענגט אוּן אימהדיק. — איר האָט מיר צוגעזאָגט אַ קוש צו געבן... איך געדענק גוט... אָליאַ, אָליאַ!...

ער איז געשטאַנען גאָר נאָנט, און זי האָט געפילט אויפן באַקן זיין הייסן אָטעם.

פּלוצים האָט זי זיך אומגעדרייט.

— אַך, וואַסיאַ, צו וואָס איז דאָס? נו, יאָ, כ׳האָב צוגעזאָגט, איך געדענק גוט, אַז כ׳האָב געטון דאָס נאַרישקייט. אָבער צו וואָס טויג עס אייך? גיט אַ קוק אויף זיך, וואָס פאַר אַ פּנים איר האָט איצט, און איר זענט דאָך אַזאַ ווויל יונגל, ווען איר טאַנצט... לאָזט צורו! איר הערט, מען שפּילט שוין וואַלס, לאָמיר גיין טאַנצן. כ׳וויל פריילעך זיין. איר פאַרשטייט, פּשוט פריילעך זיין, ווי אַ מיידעלע... און איר נאַרישער...

זי האָט אים אָנגעכאַפּט פאַר דער האַנט און געלאָפן צו דער טיר.

גייענדיק האָט ער, שוין אַ באַרויקטער, איר געזאָגט מיט פאָרוווּרף:

— אָבער איר קושט דאָך אַנדערע... צוליב וואָס אָפּלייקענען... פאַרוואָס־זשע קענט איר מיך נישט?

זי האָט זיך אויפריכטיק צעלאַכט.

— אַך וואַסיאַ, וואַסיאַ, טייערער פריינט מיינער... אַלץ בעסער פאַר אייך, אויב ס׳איז אַזוי!

און אומדרייענדיק זיך צו וואַריאַן, וועלכע איז צוזאַמען מיט זיי אַרויסגעגאַנגען, קלינגנדיק מיט די פאַרביקע קרעלן פון איר כאָכלאַצקע קאָסטיום, האָט זי איר אַ זאָג געטון:

— וווּיל מיידעלע, מיינס, דו, ווייסע קראָ צווישן אונז... איך האָב דיך ליב, אָבער גיי בייט איבער דיינע פעדערן, אויב דו ווילסט נישט, אַז מען זאָל דיך פאַרדלאָביען.

דערנאָך, שוין אַוועקגייענדיק, האָט זי אַ געשריי געטון:

— וואַסיאַ, קושט זי, אויב איר ווילט זיך דווקא קושן.

וואַריאַ האָט איר נאָכגעקוקט, פאַרווונדערט, נישט פאַר־שטייענדיק. זי איז געקומען אַהער בכדי כאָטש פון דערווייטנס צו זען אַרקאַדיען. בכלל האָט זי אויפגעהערט צו פאַרשטיין, וואָס עס טוט זיך אַרום איר, צוהערנדיק זיך אַלץ עקשנותדיק צו זיך אַליין.

די מעלאָדיע פון וואַלס „די בענקשאַפט נאָך דער פאַר־גאַנגנהייט" האָט אַוועקגעטראָגן, אַזוי ווי דער ווינט די בלע־טער, אַ פּאָר נאָך אַ פּאָר. דאָס שאָרכן פון די קליידער, דאָס שאַרן פון די פיס, דער ריח פון פודער און לייב — דאָס אַלץ האָט דערמאָנט אָן גאָלדענעם האַרבסט, אָן קלויבן ווייַנטרויבן, אָן דער געלער זון, וואָס צעשפּרייט אירע האָר איבערן יובל־דיקן וואַלד און איבער דער ערד, וואָס עטעמט מיט הייסע באַגערן. אָן ווילן, אָן געדאַנקען האָט זיך אָלגאַ געדרייט, איינ־געהילט אין שוואַרצן און געלן.

אין מיטן טאַנצן האָט זי שירווינסקי אַוועקגעפירט אין אַ זייט, ער איז געווען אָנגעטון אין אַ הערלעך אויפגעגנייטן פראַק; אינם קראַוואַט, איבערן שניי־ווייסן העמד האָבן מאַט געגלאַנצט פּערלעך.

— דערלויבט מיר אייך אָפּצורייסן אַ מינוט פון אייער קאַוואַליר. מעגלעך, ס'איז נישט אויפן אָרט, וואָס איך נוץ אויס דאָס געלעגנהייט נאָכאַמאָל אויסצודריקן מיין באַדויערן צוליבן געשעענעם. איר ווייסט, איך בין טיף באַליידיקט פון אייער מיאוסן חשד, וואָס האָט אייך באַוווּיגן אַרויסצושפּרונגען פון שליטן. איך בין נישט קיין חיה און נישט קיין כוליגאַן. נישט מיטן גוטן ווילן געגעבענע קושן האָבן פאַר מיר קיין ווערט נישט. איך וויל איר זאָלט אַליין פאַרשטיין די אויפריכטיקייט פון מיינע ווערטער, אַפילו ווען מיין ווילד, הערשנד געפיל צו אייך ווייזט זיך אַמאָל אַרויס צו בולט, דאַרפט איר דאָך נישט מורא האָבן פאַר מיר.

— איך האָב פאַר אייך קיין מורא נישט!

ער האָט אַ שמייכל געטון מיט אַ בייזן מיסטרויאישן שמייכל, נישט אַראָפּנעמענדיק פון איר זיין שטעכיקן בליק.

— מיט וואָס קענט איר עס באַווייזן?
— מיט וואָס איר ווילט!
— אַפילו, ווען איך זאָל נאָך היינט פאַרלייגן די פרווו?
— יאָ!

---

XXI

— אָ, זייט רויק, מיינע ליבע דאַמען. דאָ וועט אייך קיינער און גאָרנישט נישט באַאומרויקן. איך האָב אַלץ פריער אָפּגעקוקט. אייערע קוליות און געלעכטער וועלן נישט דערגרייכן צו קיינעמס אומגעוווּנטשענעם אויער. מיר זענען געקומען אינם דאָזיקן קאַבינעט דורך דער אונטערשטער טיר, און מיר וועלן אַרויסגיין אויך דאָ אַרומער. דער לאָקיי, וואָס וועט אונז באַדינען, איז טויב און שטים, ווי אַ פיש. אַחוץ דעם, קען מען אייך, אַ דאַנק אייערע פאַנטאַסטישע קאָסטיומען, כמעט נישט דערקענען. לאָמיר אויף אַ צייט פאַרגעסן, אַז מיר געפינען זיך אין אונזער נודנעם ברודיקן שטעטעלע; לאָמיר זיך פאָרשטעלן, אַז אַ הויכע יאכטע טראָגט אונז אויפן אָפענעם ים, און ווייט אַרום זעט מען נישט, נישט קיין ברעגען, נישט קיין מענטשן. יאָ, פונם געדאַנק אַליין, פאַלט אַראָפּ עפּעס אַ משא פון די פּלייצעס. פיר מיידלעך און פיר מענער. און אַלע זענען יונג! אַרום אונז רוישן די כוואַליעס, וואָס לייגן אויף אונז קיין אַכט נישט... כ׳פרעג אייך, מיינע טייערע, איז דאָס נישט אַנטציקנד?

שירווינסקי האָט מיט אַ לייכטן שמייכל אַ קוק געטון אויף די מיידלעך, אָפּשטעלנדיק זיך אַ ביסל לענגער אויף אָל-גאַס שטרענגן פּנים, און דערנאָך אויף די מענער.

— אַלזאָ, איך וואָלט געוואָלט, אַז דאָס נייע יאָר זאָל אונז ברענגען נייע שטימונגען. גיט זיך נאָר אונטער דער סו-געסטיע, אָננעמענדיק פאַר אמת מיין שיינעם ליגנט, און דאָס איבעריקע וועט זיך שוין אַליין שאַפן. מיר זענען דאָ זאַלבע-אַכט—מעפּיסטאָ, אַן אויסגעלאַסענער פאַרפירער אָן בושה, אַ גע-

ניטער אין אַלע סודות פון זינד, ווי אַ פּרוי; אַ סודותדיקע דאָמינאָ — צוויי־פּנימדיק, אַזוי ווי יאַנוס — געל אַזוי די זינלאָ־זיקייט, שוואַרץ, ווי די האָפנונגלאָזיקייט; אַ ציגיינערין מיט אַ זאַרגלאָז געלעכטער און טאַראַנטישע אויגן; אַ באַשיידענע כאָכאָלקע, ווי אַ דערינערונג פון אַ נאַיווער טרויעריקער פּאַר־גאַנגנהייט, אַ זיסער טראָפּן פון ראָמאַנטישן אומעט נאָך אָר גיעס... דריי מענער אין עלטער פון זוכעניש; אין עלטער פון זיסע חלומות און „צאַרטן אומעט"; אין עלטער פון ספקות און תאוהדיקע פאַרגעניגענס; אין עלטער פון איבערגעזעטיק־טער, ראַפינירטער, אָבער דאָך דורשטיקער רייפקייט. ענדלעך, אַלס סימבאָל — דער בענקנדיקער פּיערקאָ. אָט דאָס איז די געקליבענע געזעלשאַפט פון אונזער יאַכטע. און אָט דאָס איז דער מענו פון אונזער סעודה — פאַרזוכט!

שירווינסקי איז פאַרשוויגן געוואָרן, מאַכנדיק אַ ברייטן זשעסט אין דער ריכטונג פון טיש, וואָס איז געדעקט געווען מיט דער גרעסטער עלעגאַנץ פון אַ קליינשטעטלדיקן רעסטאָראַן.

צווישן די גלעזער און פלעשער האָבן געבליט ווייסע און לילאַ דופטנדיקע בלומען. אויף ביידע עקן טיש האָבן געברענט קאַנדעלאַבערן, וואָס זייער געל לעבעדיק ליכט האָט זיך אויסגעמישט מיט׳ן בלייכן, טויטן ליכט פון דער עלעקטריע פון אויבן.

אָלגאַ האָט געטרונקען, אָבער נישט שפּור געוואָרן. זי האָט קלאָרער, ווי שטענדיק, זיך אָפּגעגעבן רעכנונג אין אַלעמען. און וואָס הייטערע ס׳זענען געוואָרן אירע שכנים, אַלץ זיכע־רער איז געוואָרן איר בליק. עפּעס אַן עקשנותדיקער קנייטש האָט זיך געלייגט צווישן אירע ברעמען.

שירוויגסקי האָט נישט אַראָפּגענומען פון איר די אויגן. ער האָט אויך אויסגעזען ניכטער.

וואַריאַ האָט טרויעריק געשעפּטשעט אָלגאַן אין אויער אַריין:

— אַך, צו וואָס האָסטו מיך געבראַכט אַהער? פאַרוואָס האָסטו מיר געזאָגט, אַז ער וועט דאָ זיין? איז מיר דען אַזוי

פריילעך? דאַרפט איר מיך דען? איך וועל אַוועקגיין פון דאַנען! אָבער אָלגאַ האָט זי אָפּגעהאַלטן.

— ניין, ניין, בלייב מיט אונז. ס'איז גאָרנישט, ס'וועט איבערגיין!... דו מוזט לעבן, ביסט דאָך אַזוי שיין. זיי נישט קיין נאַרעלע!

און זי האָט איר אָנגעגאָסן ווייַן און כמעט געצוווּנגען צו טרינקען. דערנאָך, ווען וואַריאַ האָט שוין אָנגעהויבן צו ווערן שכור, האָט אָלגאַ גאָר פאַרגעסן אָן איר און זיך צוגעהערט צו דער מוזיק.

---

## XXII

פיערראָ, אַ ווייסער און טרויריקער האָט געשטילט טשייקאָווסקיס באַרקאַראָליע „יוני". וואַסיאַ איז געשטאַנען ביי דער פיאַנינע, אין אַ לייכטער, גראַציעזער פּאָזע, ווי שטענדיק נאָך אַ הולייקע, איז זיין פּנים געווען בלייך, די אויגן האָבן זיך ברייט געעפנט און אומרויִק געגלאַנצט.

— איר זענט זייער שיין, וואַסיאַ, — האָט אָלגאַ געזאָגט, — שוין ס'צווייטע מאָל באַמערק איך עס. זאָגט מיר, פון וואָס טראַכט איר איצט?

וואַסיאַ האָט שטיל געענטפערט, גלייך ווי ס'וואָלט אים שווער געווען צו רעדן.

זיין קול איז געווען הייזעריק:

— איך טראַכט וועגן אייך, אָליאַ...

— וואָס זשע טראַכט איר וועגן מיר?

— צו וואָס דאַרפט איר עס וויסן? איר לאַכט אַזוי אויך פון מיר. אָבער וואָס בין איך שולדיק, אַז איר זענט אַזוי שיין!...

ער איז נאָך בלייכער געוואָרן, זיינע ליפּן האָבן געצי-טערט. זיינע אויגן האָבן זיך געגליטשט איבערן מיידל, שע-מעוודיק און פרעך.

אָלגאַ האָט זיך נערוועז צעלאַכט, אומקוקנדיק זיך.

— נו, און איר, פאַן וואָלאַדעק? איבעריקנס, אייך דאַרף איך גאָרנישט פרעגן — אייערע געדאַנקען זענען מיר באַוווּסט. זיי זענען אויך געווענדעט צו מיר, צו מיין קערפּער... אייך רייצט אָט די שוואַרצע דאָמינאָ מיטן געלן אונטערשלאַג... איך חייס עס! אין מיינע הענט ליגט אַ שרעקלעכע קראַפט, און אַז כ׳וועל וועלן, וועט איר זיך אַלע וואַלגערן ביי מיינע פיס... זאָל איך וועלן? וואַריאַ, קוק נישט אויף מיר מיט אַזעלכע דערשראָקענע אויגן. לערן זיך, און וויין נישט, וויין זשע נישט!

זי איז צוגעלאָפן צו דער חברטע און האָט זי אַרומגענומען.

— טרינק אויס אַביסל וויין, באַרויק זיך!

אָבער וואַריאַ האָט געוויינט, אָנכאַפּנדיק זיך פאַר אָלגאַס דאָמינאָ, די קרעלן האָבן געקלונגען אויף איר ברוסט, וואָס האָט זיך האַסטיק געהויבן.

— פיר מיך אַוועק, פיר מיר אַוועק פון דאַנען.

אָלגאַ האָט זי אויפגעהויבן און צוגעפירט צו דער טיר. שירווינסקי איז צוגעגאַנגען, וועלנדיק איר צוהעלפן, אָבער זי האָט אים אַוועקגערוקט.

— דאָ באַלד איז אַ טיר פון אַ שכנותדיקן נומער — ר׳איז ליידיק. איר קענט זי אַהין אַריינפירן — האָט וואָלאַדעק געזאָגט, אַדורכלאָזנדיק די מיידלעך. — אָבער פאַרגעסט נישט אייער הבטחה... ווילט!

— „גיב מיר, ליבער פריינט, דיין האַנט!“ — האָט ראַיסאַ געזונגען. דער טרויריקער פּיעררא איר אַקאָמפּאַנירט.

— איך פאַרגעס קיינמאָל נישט מיינע הבטחות, — האָט קאַלט געענטפערט אָלגאַ, אַרויסגייענדיק אין קאָרידאָר.

אונטער זיך האָט זי געהערט זינגען, קלונגען מיט די גלעזער.

דער רויטער, גרויסער באָגוט מיט אַ צעכראַסטעטן קאָלנער פון העמד, האָט אַרומגענומען די דיקלעכע, לאַכנדיקע שכורע לענאַ. זייערע פולע קערפּערס האָבן זיך אַרומגענומען גיריק, ליידנשאַפטלעך. אין צווייטן ווינקל — דער שפּילנדער

פיערראָ, אַ צעפלאַמט מיידל אין געשטאַלט פון מעפיסטאָ און אַ פארפירטער בחור מיט נרויסע אויגן האָבן זיך געוויגט אין כוואַליעס פון ציגאַרן – רויך און קלאַנגען פון אַ צעפלאָסן לידל, – ווי אין אַ טונקעלער וויזיע, ווו ס'איז צוזאַמענגעמישט געליינקייט מיט פיינקייט, אַ פאַרביקער הינטערגרונט פון ראָפּס'ס אָפּאָרטן, אין וועלכן ס'איז נאָך נישטאָ די הויפּט-פיגור.

און זי האָט זיך באַוויזן – אַ דינע, אַ בלייכע, מיט קיי-לעכדיקע, אויסגעביילטע דורכזיכטיקע גראָע אויגן, וואָס האָבן אַלץ פאַרגרעסערט, אַזוי ווי אויסגעביילטע שפיגלען פאַרגרעסערן ביז שרעק דאָס אַרומיקע, – אַן אומהיימלעך מיידל אין אַ ביז אַרויף פאַרקנעפלטער שוואַרצער דאָמינאָ מיט געלע, אַזוי ווי צייטיקע פּאָמעראַנצן, קנעפּ.

נישט בייטנדיק דעם אויסדרוק פון פּנים, אויף וועלכן נאָר דאָס מויל מיט אויפגעהויבענע, ווי אַ האַלבע לבנה, ווינקלען, האָט דערציילט וועגן עפּעס, אָדער געפרעגט, אָדער גאָר געלאַכט, איז זי מיט אַ האַסטיקער באַוועגונג אַרויף אויף אַ שטול און דערנאָך אויפן טיש.

די מוזיק, דאָס זינגען און דאָס געלעכטער זענען אויגנ-בליקלעך אָפּגעשטאָרבן, גלייך ווי זיי וואָלטן פאַרשטאַרט גע-וואָרן אין דער פון בלומען און ציגאַרן אָפּגעסמטער לופט. אַלע האָבן געקוקט אויפן מיידל.

דער קעלנער אין אַ שוואַרצן פראַק, ווייסן פאָרהעמד און פערל-ספינקעס אויף דער ברוסט האָט זיך אויסגעצויגן ביים טיש, ווי אַ האָלצענער מאַנעקען.

דאָס מיידל האָט אויפגעהויבן די הענט. די שוואַרצע דאָמינאָ האָט זיך, אַזוי ווי שוואַרצע פליגלען, צעשפרייט, און צווישן די ברענענדיקע ליכט, אומגעוואָרפענע גלעזער פלעשער און פרוכטן, האָבן אַלע דערזען אויפן הינטערגרונט פון געלן זייד אַ נאַקעטן פרויען-קערפּער... אָנגעשטרענגט, אומבאַוועגלעך, כמעט דורכזיכטיק אין זיין בלאָלעכער שניי-ווייסקייט האָט ער זיך עטוואָס אָנגעבויגן פאָראויס, אונטערגעהאַלטן דורך די שלאַנ-קע פיס אין שוואַרצע זאָקן און געלע שיכלעך.

פלוצים האָט אַן אוממענטשלעכער יאָמער, ענלעך אויף אַ קוויטש פון אַ שטאַרבנדיקן פויגל, זיך אַריינגעריסן אין צימער.

אַלע האָבן אויפגעציטערט, די שוואַרצע פליגל פון דער פשופדיקער וויזיע האָבן זיך צוזאַמענגעלייגט, אָבער, נישט קוקנ־דיק אויף גאָרנישט, נישט הערנדיק גאָרנישט, האָט שירווינסקי אינם שוואַרצן פראַק, מיט פאַרגליווערטע אויגן, כמעט געשריגן צו אָלגאַן.

— פאַרשטייסטו, אַז איצט מוזטו זיין מיינע?!

און וואַסיאַ איז געלעגן ביי אירע פיס און געוויינט.

מעגלעך, אַז נאָר איין אָלגאַ האָט פאַרשטאַנען דעם יאָ־מער איבער דער וואַנט, אָבער זי האָט געשוויגן.

---

XXIII

וואַריאַ איז געלעגן קראַנק אין בעט, מיט צעפלאָכטענע קאַשטאַן־האָר, מיט בלאָע, איצט איינגעפאַלענע אויגן, מיט אַ געל קליין פנימל. אָלגאַ איז געזעסן לעבן איר. זי האָט גע־ברענגט צו זיך די חברטע, ווייל זי האָט געקענט דאָס אָרימ־קייט און ברודיקייט, וואָס האָט געהערשט אין איר פאָטערס הויז. ווען אַרקאַדיע האָט זיך דערוווּסט דערפון, האָט ער זיך געריסן די האָר אויפן קאָפּ.

דער טייוול האָט דיך געטראָגן, זי צו ברענגען צו אונז. אָלגאַ האָט רויק און טרוקן געענטפערט:

— אויב ס'געפעלט דיר נישט, קענסטו אַוועקפאָרן פון דאַנען.

און ער איז ווידער אַוועקגעפאָרן אין דאָרף אַריין. דער פאָטער האָט אויף אַלעמען אַ מאַך געטון מיט דער האַנט און גאַנצע טעג געשפילט אין קאָרטן. די מוטער איז אַ קראַנקע געלעגן ביי זיך אין שלאָפצימער. די פיס זענען ביי איר ווי־דער געשוואָלן געוואָרן. פון אומדערטרעגלעכן ווייטיק, האָט זי גאַנצע נעכט געשריגן.

אָלגאַ האָט געפּרוּווט מיט איר אָטעם צוּ דערוואַרעמען דער מוטערס פאַרשטאַרטע גלידער.

טײַלמאָל האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז די מוטער איז געשטאָרבן, — אַזוי קאַלט איז געווען איר קערפּער. אַזוי שוואַך האָט געקלאַפּט דאָס האַרץ. דעמאָלט האָט זי געוויינט מיט קאַלטע קאַרגע טרערן פוּן טעמפּער פאַרצווייפלוּנג און מידקייט. אַלע פאַרלאַנגען זענען אָפּגעשטאַרבן אין איר, אַלץ איז איר פאַרמיאוּסט געוואָרן.

זי פלעגט זיך אָפּשטעלן אינם פינצטערן קאָרידאָר צווישן ביידע צימערן, ווו ס׳האָבן געוואַרט אויף איר צוויי קראַנקע; באַהאַלטן דאָס פּנים אין די אַלטע קליידער, וואָס זענען דאָרט געהאָנגען; פאַרבייסן די אונטערשטע ליפּ און, פאַרשטאָפּנדיק די אויערן מיט די פינגער, זיך באַמיען צוּ פאַרגעסן אָן אַלעמען, צוּ באַפרייען זיך פוּנם באַוווּסטזיין פוּנם דאָזיין.

— דוּ האָסט זיך ווידער פאַרטראַכט, אָליאַ, — האָט גע-שעפּטשעט ווי־־יאַ.

— ניין, ניין, טייערע, דאָס איז גלאַט אַזוי...

די חברטעס האָבן געלייענט דעם אַלטן אַלבאָם אין גרינע סאַמעטענע טאָוולען — אַ קאָמישע אָנדענקוּנג פוּנם ערשטן קלאַס, ווען אַלע שילערינס האָבן געהאַט אַזעלכע אַלבאָמען.

— אָט הער!

אָליאַ — גאָלד מיט גראַנאַטן
אָליאַ — אַ ברילאַנט אַ פיינער.
אָליאַ — דוּפּטעט מיט טויזנט אַראָמאַטן,
אָליאַ — אַ מלאך, אַ שיינער.

פוּן דיין שוּל-חברטע ל.

— וואָס זאָגסטוּ נישט אויף לענקאַן?

און אָט איז נאָך:

דוּ בעטסט איך זאָל דיר
אין אַלבאָם זיך פאַרשרייבן
צוּ וואָס נוּצט עס?
ווערסט אים סיי ווי סיי פאַרלירן.

וואַריאַ האָט געלאַכט מיט אַ ווייכן שטילן געלעכטער. אָלגאַ האָט געשמייכלט.

— הער נאָר, וואַריאַ, פאַרוואָס האָסטו עס געטון?

דאָס געלעכטער איז פאַרגליווערט געוואָרן אויף דער קראַנקערס ליפּן. די צעשראָקענע אויגן האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף די שטרענגע אויגן פון דער חברטע.

— אַך, ס׳איז מיר געווען אַזוי שווער!

— און וואָס נאָך?

אָלגאַס אויגן האָבן געפרעגט, געפּאָרשט.

— איך האָב געפילט, אַז כ׳קען אָן זיי ביידע נישט לעבן. און מען האָט געמוזט אַוועקוואַרפן איינעם, אָדער דעם צווייטן. איך קען נישט אַזוי ווי דו — קיינעמצן נישט ליב האָבן, אָדער אַזוי ווי מאַניאַ — נאָר געניסן פון דער ליבע... דערצו האָב איך דעמאָלט אַ סך געטרונקען, ס׳איז מיר געווען נישט גוט, און דאָס זינגען האָט מיך משוגע געמאַכט. דעריבער ווען איך בין געבליבן אַליין, האָב איך אויסגעטרונקען דעם שוועבל-זויער-שטאָף, וואָס מען שטעלט ווינטער אין די פענצטער, און וואָס איך האָב שוין עטלעכע טעג געטראָגן ביי זיך, אָבער דער וויטיק איז געווען שרעקלעך. און ווען כ׳האָב אָנגעהויבן אין דער פינצטערניש צו זוכן וואַסער... אין האַלדז האָט גע-ברענט אַ העליש פייער... ווען כ׳האָב ענדלעך געפונען וואַסער און אַ שלונג געטון — איז דער וויטיק געוואָרן אויסטערליש, און איך האָב אָנגעהויבן צו שרייען...

אָלגאַ האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

— איך האָב געוווסט, אַז דו שרייסט, כ׳האָב אָבער קיי-נעמען נישט געוואָלט זאָגן...

— דו האָסט נישט געוואָלט?

— יאָ, כ׳האָב געטראַכט, זאָל זי טון, וואָס זי פאַרטייטשן, אָבער דער באַראָן איז דער ערשטער געקומען צו זיך און אַריינגעלאָפן צו דיר.

— דו האָסט געוואָלט, איך זאָל שטאַרבן.

וואַריאַ האָט אַ בלייכע, אַ דערשראָקענע, אַ ציטערנדע געקוקט אויף דער חברטע.

— און דו אַליין האָסט עס דען נישט געוואָלט דעמאָלט?

אָלגאַ האָט ווידער געשמייכלט מיט אַ קאַרגן, כמעט שלעכטן שמייכל.

— און איך בין דיר נישט אַ שאָד געווען? אָ, איך וועל דאָס קיינמאָל נישט גלויבן. דו פלעגסט מיך אַזוי!

— איצט באַדויער איך דיך — דאָס איז אמת, אָבער אין יענער נאָכט בין איך דיך כמעט מקנא געווען. ס'איז דאָך אַזוי נישט גוט צו לעבן, ווען דו קענסט נישט לעבן...

— הייסט עס, אַז דו ליידסט אויך? הייסט עס, אַז דיר איז אויך שווער?

וואַריאַ האָט זיך אונטערגעהויבן אויפן עלנבויגן, פרווונ-דיק אַרומצונעמען די חברטע.

— ניין, טייערע, איך לייד נישט, און ס'איז מיר נישט שווער... כ'ווייס פשוט נישט, וואָס איך וויל... גלויב מיר, איך בין אַפילו נישט אַזוי גליקלעך, ווי דו, וואָס האָסט פאַרוואָס צו שטאַרבן. אָבער לייג זיך און זיי רויק, — מיט מיר וועט עס מסתמא קיינמאָל נישט געשען.

און זי האָט זיך ווידער אָנגעבויגן איבערן אַלבאָם מיט די נאַרישע פערזן פונם ווייטן אומשולדיק עָבר.

היינט אַ קליידל, מאָרגן אַ בלוזע
און חתנים אָן אַ שיעור
קלויב דיר אויס דעם רעכטן זיווג
און קיין פערזן שרייב נישט מער...

— אָלגאַ, הער נאָר, אָליאַ, צוליב וואָס האָסטו זיך דע-מאָלט אויסגעטון, ווען דו האָסט מיך אַריינגעפירט אין נומער... דו האָסט עס געמאַכט זייער שנעל, ס'איז געווען פינצטער, אָבער איך האָב אַלץ געזען, כאָטש כ'בין געלעגן אויפן בעט... זאָג מיר אָליאַ, צוליב וואָס?

אָלגאַ האָט געענטפערט, נישט אויפהויבנדיק דעם קאָפּ פון אַלבאָם:

— בכדי וואָס גיכער זיך פּאַראומרייניקן. אָבער דו וועסט עס סיי ווי סיי נישט פאַרשטיין, פרעג זשע בעסער נישט.

---

XXIV

בלעטערנדיק דעם אַלבאָם, האָט אָלגאַ לאַנג געשוויגן. זי' האָט געקוקט אויף די פאַרשריבענע בלעטלעך, ווו ס'האָבן זיך געמישט פאַרשידענע כתבן: אַ דראָבנער כתב מיט אַ גרויסן, אַ גלייכער — מיט אַ פאַרדרייטן און ליגנערישן. און וויפיל פאַר־שידענע כתב'ן, אַזוי פיל פאַרשידענע נעמען, און יעדער נאָ־מען האָט געטראָגן זיין פנים, זיין גורל.

אָט זענען די נעמען פון די גאָר נאָענטע חברטעס — מאַניאַ, ראַיסאַ, לענאַ און וואַריאַ. מיט זיי האָט אָלגאַ דורכ־געלעבט עטלעכע יאָר, געזעסן אויף איין שול־באַנק, געטיילט זיך מיט פריידן און ליידן. אָבער ווי פאַרשידן זיי זענען, און ווי זיי האָבן זיך געביטן פאַר דער צייט. קען זי דען זאָגן, אַז זי קען זיי? איינס ווייסט זי, אַז אַלע האָבן זיי עפּעס, צוליב וועלכן זיי לעבן... אָט די קיילעכדיקע מיטן פאַרריסע־נעם נעזל, מאַניאַ, וועלכע איז געווען אַזוי נאַריש און קאָמיש, ווען זי איז אַריינגעטראָטן אין גימנאַזיע — וואָס האָט זי שוין נישט איבערגעלעבט? מען וואָלט זי געקענט האַלטן פאַר אַ העלדין, ווען נישט דאָס, וואָס די סיבה פון אירע ליידן איז געווען געמיין. די ליבע צו זשאָרזשן, די ווילדע ליידנ־שאַפט צו אַ מאַן, וואָס פאַרמאָגט נישט מער, ווי אַ שטאַרקן קערפּער. אין נאָמען פון אָט דער ליידנשאַפט האָט זי אַ תל געמאַכט פון איר קערפּער און שפּעטער געטויט די פרוכט פון אָט דער ליידנשאַפט. און וואָס פאַר אַ צוקונפט האָט זי זיך געגרייט? אַך, גאָט... אָבער זי איז גליקלעך.

און ראַיסאַ, אָט דאָס מיאוסע מיידל מיט מאַנירן פון אַן אויסגעלאַסן יונגל... און לענאַ — אַ פריילעכע און גיריקע... די טרויעריקע וואַריאַ, וועלכע ליגט דאָ. יאָ, יאָ... אַודאי...

אָלגאַ איז האַסטיק אויפגעשטאַנען, אויסגעצויגן פאָראויס די הענט און פאַרבראָכן די פינגער. אירע אויגן זענען טונקלער געוואָרן.

— וואָס איז מיט דיר? — האָט געפרעגט וואַריאַ.

אַך, ס'איז מיר גאָרנישט! כ'טראַכט נאָר, און די געדאַנקן מיינע מאַכן מיך משוגע. אַ פנים, אַז נאַראָנים דאַרפן נישט טראַכטן. און אפשר בין איך גאָר צו קלוג — און דאָס איז אויך שלעכט. איך פאַרשטיי אייך אַלע — אי מאַניאַן, אי דיך, אי ראַיסאַן, אי לענאַן... איינע דאַרף האָבן אַן „ער", די צווייטע אַ מאַן און קינד, די דריטע תענוגים, די פערטע — געלט און פאַרגעניגנס... יאָ, יאָ, איך פאַרשטיי, אַז איר אַלע קענט צוליב דעם ליידן, ווייל איר וועט באַלוינט ווערן. און ווי זשע איז אָבער מיט דער, וועלכע האָט קיינעמען נישט ליב, אָדער האָט ליב דאָס, וואָס איז פאַרביי, ווי אַ חלום — האָט ליב די ליבע, די ברענענדיקע, די שטאַרקע, די אַלמעכטיקע, ווו קערפּער און גייסט גיסן זיך צוזאַמען, ווו ס'איז נישטאָ — איך און דו. ווי אַזוי זאָל אַזעלכע ליידן און פאַרוואָס? לערנט מיך אויס, — ווייל אַזעלכע ליידן זענען זיס...

אָלגאַ האָט גערעדט הויך, פאַמעלעך, איבערצייגנד, דורכגענומען מיט איין פאַרלאַנג, איבערצוגעבן דעם ווייטיק פון איר נשמה, און פאַר וועלכן מענטשלעכע ווערטער זענען געווען פוסטע קלאַנגען.

וואַריאַ האָט אָנגעשטרענגט געהערט. דערנאָך, ווען אָלגאַ איז פאַרשוויגן געוואָרן, האָט זי געזאָגט שטיל און טרויריק:

— גליקלעכע, דו, קען מען דאָס אויסלערנען? נו, יאָ, דו רעדסט אַזוי דערפאַר, ווייל דו ביסט נאָך אַ מיידל...

אָלגאַ האָט אויפגעציטערט. זי איז בלייך געוואָרן. זי האָט פאַרשנד געקוקט אויף וואַריאַן.

ניין, זי ווייסט נישט פון גאָרנישט. זי קוקט אויף איר, ווי געווייגלעך, מיט אַביסל קנאָה, אָן וועלכן ס'איז חשד. זי ווייסט נישט דערפון, וועגן וועלכן אָלגאַ האָט באַמיט נישט צו טראַכטן, צו פאַרגעסן, אָבער וואָס איז געשען... געשען...

אין אַ געוויסן מאָמענט, ווען זי איז אָן כּוחות, אָן ווילן, אָן פאַרלאַנגען געשטאַנען אינם פינצטערן קאָרידאָר צווישן ביידע צימערן פון ביידע קראַנקע — דער חברטע און מוטער, איז צו איר צוגעגאַנגען שירווינסקי. ער האָט געוואָלט זען איר ברודער, אָבער נישט טרעפנדיק אים אינדערהיים, האָט ער זיך אָנגעשטויסן אויף איר. זי האָט זיך אַפילו נישט דערשראָקן, ווען זי האָט אים פּלוצים דערזעען. ס'איז איר געווען אַלץ איינס. זיי האָבן זיך נישט באַגריסט און שווייגנדיק געשטאַנען איינער קעגן צווייטן.

אינגאַנצן איר אַ פרעמדער און גלייכגילטיקער אין דער מינוט, האָט ער זי אַרומגענומען און צוגעצויגן צו זיך. זי האָט זיך נישט געוועהרט. אַ טעמפּע פאַרגליווערטקייט האָט זי אַרומגעכאַפּט; דער קאָפּ איז געווען ליידיק, כּמעט טויט. זי האָט געפילט אַ טעמפן ווייטיק אין דער ברוסט, אַ ווייטיק פון אומעט, און איין פאַרלאַנג — אָפּטויטן אָט דעם אומעט, ווי מען טויט אָפּ דעם קראַנקן נערוו פון אַ קראַנקן צאָן — האָט זי אינגאַנצן באַהערשט. זי האָט געוואָלט זיך פאַרגעסן; אַוועקגיין פון דער דריקנדער האָפנונגסלאָזיקייט, פון די קרעכצן, פון ריח פון טויטן קערפּער, וואָס האָט שוין געהערשט אינם דאָזיקן הויז; זי האָט געוואָלט אַפילו ליידן, דערנידריקן זיך, אַבי צו פאַרגעסן אָן זיך, אָן אַלעמען, אַלץ איינס, ווער ס'וועט ברענגען די ישועה; דער ווילן האָט נישט געהערשט איבער די געפילן דער קערפּער האָט זיך געצויגן צום לעבן, געקעמפט פאַרן לעבן, זיך געבונטעוועט קעגן טויט, וואָס האָט דאָ געלויערט.

זי האָט צוריקגעגעבן שירווינסקין קושן, אַזוי ווי מיטן עטעמען ענטפערט מען אויפן ווייען פון ווינט — נישט ווילנדיק, אָבער אומאויפהערלעך. אַפנים, ער האָט אַליין נישט געגלויבט, אַז ס'קען היינט געשען. און דאָך האָט זי זיך אים אָפּגעגעבן, ווי ס'קען זיך נאָר אָפּגעבן דאָס ערשטע בעסטע דינסט-מיידל, — אינם פינצטערן קאָרידאָר מיטן קאָפּטשנדיקן לאָמפּ אונטערן סופיט, ברוטאַל אַנידערגעוואָרפן אויפן אַלטן קופערט, מיט צעפלאָכטענע העלע האָר, וואָס האָבן געקערט דעם שטויב פון דער ברודיקער

פאָדלאָגע, — אָן ליבע, אָן צערטלעכקייטן, מיט אַן אָפּגעשטאָרבן האַרץ, אַ צעבראָכענע, אַ דערשלאָגענע און גלייכגילטיקע.

---

## XXV

אין דער נאַכט איז אָלגאַ נישט באַשערט געווען צו שלאָפן. קסעניאַ איגנאַטיעוונאַ האָט זיך געמוטשעט ביז האַלבער נאַכט, קרעכצנדיק פון ווייטיק, איבערגייענדיק פון בעט אויפן פּאָטעל, פונם פּאָטעל אויף דער קאַנאַפּע, נישט געפינענדיק אין ערגעץ קיין רו פאַר איר קראַנק האַרץ.

אָלגאַ האָט זי געדולדיק געפלעגט, אָבער אירע געדאַנקען זענען געווען ערגעץ אַנדערש. פון דעם אָוונט אָן, ווען זי האָט זיך אָפּגעגעבן שירווינסקין, פון דער מינוט אָן, וואָס איר קערפּער איז פאַרקנעכטעט געוואָרן דורך יענעמס ליידנשאַפט, האָט אָלגאַ אַזוי ווי פאַרגעסן אָן זיך, און איר ליבע צום אומבאַקאַנטן איז פאַרוועלקט געוואָרן, פאַרשטאַרט געוואָרן. טיילמאָל האָט זי זיך דערמאָנט אָן יענעם שטילן אָוונט פון צוויי און צוואָנציקסטן דעצעמבער, אָן די ווייסע פליאַכעס שניי אויף די שווייגנדע גאַסן, אָן די טונקעלע אויגן פונם אומבאַקאַנטן, וואָס האָבן דערוואַרעמט איר נשמה, און דעמאָלט האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז דאָס איז געשען לאַנג, גאָר לאַנג, אפשר גאָר אין חלום. און זי האָט געטריבן פון זיך אָט די דערינערונגען, אויסגעמיטן זיי צו באַרירן איצט, און איז פאַרבליבן גלייכצייטיק.

כמעט יעדן טאָג איז זי געגאַנגען צו שירווינסקין. זי האָט זיך אים אָפּגעגעבן אויף זיין ערשטער פאָדערונג, און אפילו נישט געפילט קיין עקל צו זיך. ס'האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז אַזוי מוז זיין. זי האָט געוווסט, אַז אַהיימקומענדיק וועט זי טרעפן אַ קראַנקע מוטער, אַ קראַנקע חברטע. זי וואָלט געוואָלט זיך פאַרגעסן, כאָטש אַ מינוט האָבן פאַרגעסונגען. אַוועקגייענדיק האָט זי נישט געוווסט צי זי וועט זיך נאָך אומקערן, נישט געטראַכט, ווי לאַנג די באַציִונגען וועלן דויערן.

אָבער אויפן צווייטן טאָג איז זי ווידער געגאַנגען, ווייל דער געליבטער האָט זי געבעטן וועגן דעם. זי איז אַזוי נישט ענלעך געווען אויף אַ מיידל, וואָס האָט געהיימע באַציונגען, אַז קיינער האָט זיך נישט משער געווען, ווו זי ווערט אַזוי אָפט נעלם.

היינט האָט זי צום ערשטן מאָל גערעדט מיט שירווינסקין וועגן זייערע באַציונגען. זי איז נאָך אַלץ געווען אונטערן איינדרוק פון וואַריאַס ליידן, און ווען זי איז שוין אַוועקגעגאַנגען, האָט זי פּלוצים אַרומגעכאַפּט אַ געוואַלדיקע שרעק, און זי האָט געפרעגט:

— כ׳וועל אפשר האָבן אַ קינד?

שירווינסקי, וועלכער האָט פאַר די לעצטע טעג אָנגענומען מיט איר אַ טאָן פון אַן אַפּוטראָפּוס, האָט זי באַרויקט.

און מער האָבן זיי שוין נישט גערעדט וועגן דעם.

זי איז אַוועק אַהיים; זי האָט אַריינגעקוקט צו וואַריאַן, וועלכע איז נאָך אַלץ געלעגן אין בעט צוליב איר שוואַכקייט און ווייטיק אין רוקן; דערנאָך האָט זי אָנגעטאָן אַ רויטע יאַקע פאַרפלאָכטן די האָר אין צעפּלעך און אַריינגעגאַנגען צו קסעניאַ איגנאַטיעוונאַ.

די קראַנקע איז, ענדלעך, איינגעשלאָפן.

אויפציטערנדיק און קרעכצנדיק אין שלאָף, איז זי געלעגן אויף דער פּלייצע, מיט פאַרלייגטע, אויף דער קאָלדרע, וואַקסענע הענט. דאָס פּנים איז אויך געווען ווי פון וואַקס, מיט אַ פאַרשפּיצטער נאָז, אָבער די הענט האָבן ביים שיין פון לעמפּל, פּשוט געשראָקן מיט זייער שטאַרער אומבאַוועגלעכקייט.

איין מינוט האָט אָלגאַ געמיינט, אַז זי איז טויט. זי האָט שנעל צוגעדעקט דער מוטערס הענט מיט אַ שאַל און זיך אַוועקגעזעצט אין אַ פאָטעל.

דאָס מיידל האָט געהערט, ווי דאָס בלוט האָט, צופּלוצנדיק צו איר אויפגעהויבענעם קאָפּ, געקלאַפּט אין די שלייפן. אָבער ביסלעכווייז איז זי אַוועקגעשווימען אין דער ווייטקייט...

דער אָפּגעברענטער קנויט פונם לעמפּל פאַר דער איקאָנע האָט אַ קנאַק געטון און פאַרלאָשן געוואָרן.

אָלגאַ האָט אויפגעציטערט, אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן מיט געדיכטע שאָטנס, אָבער באַלד איז זי געוואָרן פאַרגליווערט, פאַרכישופט דורך דער פאַרגאַנגענהייט.

פאַר איר זענען אויפגעשווימען לאַנג פאַרגעסענע בילדער פון דער ווייטער קינדהייט. זי האָט בולט, ווי אין חלום, וואָס איז טייל מאָל בולטער, ווי די ווירקלעכקייט, דערזעען אי דאָס פרעמדע לאַנד, וואָס האָט זי פאַרבליצט מיט זיינע שטילע אָזיערעס און שנייִקע בערג, אי זיך מיטן ברודער אַרקאַדיע, אי דעם פאָטער מיט דער מוטער.

ס'זענען פאַרהאַנען אין אונזער לעבן אַזעלכע מאָמענטן, וואָס מיר לעבן־איבער צוויי מאָל. אַזאַ מאָמענט פון אומקערונג איז אָנגעקומען פאַר אָלגאַן.

---

## XXVI

זי איז געזעסן מיט איר ברודער אין גאַסט־צימער ביים אָפענעם פענצטער. דער ווינט האָט געגלעט אירע האָר און געבלאָזן אין פנים מיט אַ ריח פון וואַסער־ליליען.

איבער דער אָזיערע איז פאַרגאַנגען די זון, און די אָזיערע איז געווען טונקל־רויט, און דער וואַלד ביי איר ברעג האָט אויסגעזען שוואַרץ. מעווען האָבן געשוועבט אין דער לופט.

דאָס שטיקל ליכט, וואָס איז געשטאַנען אויפן טיש, האָט געברענט אָט מיט אַ געלן, אָט מיט אַ בלאָען פייערל און גע־ווינט מיט ווייסע טרערן.

ביידע קינדער האָבן געקוקט אויפן ליכט און דאַכט זיך, געטראַכט וועגן זעלבן.

דאָרט, אין צווייטן עק הויז, האָט געגוסט זייער מוטער. זי איז שוין לאַנג געלעגן אין בעט, אַ ברענענדיקע און

אויסגעמאַטערטע, שוין לאַנג האָבן די קינדער נישט געהערט איר קול, ווייל מען האָט מורא געהאַט זיי אריינצולאָזן צו איר.

אין אָנהויב האָבן זיי געוויינט.ביידע זיך געריסן צו דער קראַנקער, שפּעטער אָבער זענען זיי ווי פאַרשוויגן געוואָרן, דער ברודער האָט נאָך געוויינט מיט שטילע טרערן אין די אָוונטן, ווען ער האָט זיך געלייגט שלאָפן; ער איז געוויינט געווען, אַז די מאַמע זאָל אים צלמ׳ען פאַרן שלאָף און זאָגן מיט אים ס׳געבעט, און אָט די דערינערונגען האָבן ביי אים אַרויסגערופן טרערן. און אָליאַ איז געוואָרן שווייגעוודיק. מען האָט זי כמעט נישט געהערט, זי איז אָפט געזעסן אומבאַוועגלעך, גלייך ווי זי וואָלט וועגן עפּעס לאַנג און אָנגעשטרענגט געטראַכט. אירע אויגן האָבן זיך ברייט געעפנט, און זי פלעגט אויפציטערן ביי יעדער אומדערוואַרטעטן שאָרך. אין יענע טעג האָט זיך צו איר שטאַרק צוגעבונדן דער גרויסער שוואַרצער הונט נעראָ. דאָס שוואַרצע האָריקע באַשעפעניש איז שטיל צוגעגאַנגען צום מיידעלע, אָוועקגעלייגט זיין קאָפּ אויף איר שויס און אויפמערקזאַם געקוקט אויף איר. און ביינאַכט איז ער אַרויפגעקראָכן צו אָליאַן אויפן בעט און זיך געלייגט לעבן איר, אויסציענדיק זיך, ווי אַ מענטש, אין דער גאַנצער גרויס. און די מאָדנע אומפאַרשטענדלעכע אויפפירונג פון באַשעפעניש, וואָס איז שטענדיק געווען פלעגמאַטיש, האָט מיט אַן אימהדיקן ציטער אָנגעפילט אָליאַס נשמה.

דאָס מיידעלע האָט מורא געהאַט צו פרעגן אויף דער מוטער, צו רעדן וועגן איר, כאָטש אַלע געדאַנקען אירע זענען פאַרנומען געווען מיט איר. דאָס איז געווען אומפאַרשטענדלעך פאַר די אַרומיקע, און דער פאָטער האָט איר פאָרגעוואָרפן איר קאַלטקייט. אָבער זי האָט נישט געענטפערט אויף די פאָרוואורפן; זי האָט מורא געהאַט פאַר דער מאַמעס צימער, זי איז אינגאַנצן געווען אונטערן יאָך פון עפּעס אַן אומפאַרשטענדלעכן, אָבער שווערן פאָרגעפיל.

און אויך איצט, זיצנדיק מיטן ברודער, האָט זי געוווּסט, אַז דאָרט, ביי דער מאַמען, האָבן זיך פאַרזאַמעלט דאָקטוירים,

אַז ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער קריזיס, וואָס וועט אַנטשיידן, אָבער דאָס אַלץ האָט איר אויסגעזען אַזוי ווייט; זי איז געווען פול מיט אירע געדאַנקען, מיט אירע פאָרשטעלונגען. מיט איר גלויבן אינם אומפאַרמיידלעכן... און ווען דאָס ליכט איז פּלוצים פאַרלאָשן געוואָרן פונם ווינט, האָט אָליאַ דערפילט אַ שטאַרקע קעלט אין רוקן און נישט ווילנדיק אַרויסגעזאָגט מיט אַן אָפנעריסן קול:

— דאָס איז די מאַמע געשטאָרבן...

און זי האָט זיך אַליין דערשראָקן פאַר אירע ווערטער און אַ קוק געטון אויפן ברודער.

אינם ייִנגלס בלאָע אויגן זענען געשטאַנען טרערן, און מיט ציטערנדע ליפּן האָט ער איר געענטפערט:

— איך האָב אויך אַ טראַכט געטון וועגן דעם...

דערנאָך האָט ער איינגעגראָבן דאָס פּנים אינם זיידענעם קישן פון דער קאַנאַפּע און זיך צעוויינט, און אָליאַ האָט זיך איינגעקאָרטשעט, אָבער אירע אויגן זענען געבליבן טרוקן.

איצט איז אַלץ געענדיקט. די שווערע דעק, וואָס איז געהאָנגען איבער איר, האָט זיך צוגעקלאַפּט. ס'איז נישטאָ נישט קיין האָפנונג, נישט קיין גלויבן — ס'איז געשען דאָס אומפאַרמיידלעכע.

די מאַמע איז געשטאָרבן:

אָליאַ האָט עס געפילט מיט איר גאַנצן וועזן. די מאַמע איז שוין נישטאָ. עמעצער האָט עס איר קאַלט און דייטלעך געזאָגט.

אָבער קיין טרערן איז נישט געווען.

זי האָט געקוקט אויף די מעוועס, אויף דער אָזיערע, אויפן וואַלד, — און דאָס אַלץ האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין אירע אויגן, אין אירע געדאַנקען. דאָס אַלץ האָט זי געזען, געהערט און פאַרשטאַנען קלאָר, ווי נאָך קיינמאָל נישט, אָבער אַלץ איז געווען פּוסט, אָן אַ צוזאַמענהאַנג, אַלץ האָט געזאָגט:

— די מאַמע איז נישטאָ...

זי האָט נישט באַמערקט, ווי אין צימער איז אַריינגעקומען

דער פּאָטער, אַ בלייכער, אַ מידער, מיט אַ קוים מערקבאַרער פרייד אין די אויגן. ער איז צוגעגאַנגען צום זון און האָט אַרומגענומען זיין אָנגעבויגענעם קאָפּ. ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז ער וויל עפּעס זאָגן און קען נישט. דערנאָך האָט ער אַ קוק געטון אויף דער טאָכטערס שטיינערנעם, אומבאַוועגלעכן פּנים, און אַ שאָטן פון אומצופרידנקייט איז געפאַלן אויף זיינע ליפּן.

– קינדער – האָט ער געזאָגט, – אייער מאַמע איז געראַטעוועט.

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט און באַלד איבערגעחזרט פעסטער:

– יאָ, יאָ!... די מאַמע וועט אין גיכן געזונט זיין... דער קריזיס איז פאַריבער.

טרערן האָבן זיך באַוויזן אויף זיינע וויעס, – טרערן פון שוואַכקייט און מידקייט.

– און איך בין געקומען נאָך אייך... זי רופט אייך...

דעם יינגלס פּנים, אויסגעקנייטשט פונם האַרטן קישן און רויט פון וויינען, האָט אויגנבליקלעך אויפגעשיינט. די אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן מיט גלויבן, גליק און זאָרגלאָזיקייט. ער האָט זיך אַ וואָרף געטון אויפן פאָטערס האַלדז און געפּליסטערט שנעל און האַסטיק:

– די מאַמע, די מאַמע איז געזונט?... די מאַמע לעבט... און מיר...

ער האָט געוואָלט לאַכן פון דעם, וואָס זיי האָבן נאָר וואָס גערעדט מיט דער שוועסטער, אָבער אַ קוק טוענדיק אויף איר, איז ער פאַרשוויגן געוואָרן.

זי איז געזעסן נאָך אַלץ אַזאַ טרויעריקע, בלייכע, אויסגעמאָגערטע און שווייגנדיקע, גלייך ווי דעם פאָטערס פריילעכע בשורה וואָלט נישט דערגרייכט צו איר אויער. דער שמאָלער קנייטש צווישן די ברעמען איז טיפער געוואָרן, די אויגן זענען געוועזן אויסגעלאָשן.

– וואָס זשע שווייגסטו?–האָט פאַרוווּנדערט, כמעט פיינטלעך, מיטן עגאָיזם פון אַ באַרויקטן, גליקלעכן מענטש, געפרעגט

דער פּאָסער, און אָננעמענדיק דעם זון פּאַר דער האַנט, איז ער אויפגעשטאַנען.

— לאָמיר גיין.

די קראַנקע איז געלעגן אויפן בעט, אַ בלייכע, אַ דאַרע, מיט צעפלאָכטענע שוואַרצע האָר, און האָט געקוקט אויף די אַריינגעקומענע מיט אַ מידן, אָבער גליקלעכן שמייכל פון אַ רעקאָנוואַלעסצענטין. זי האָט געפילט דעם אָטעם פון לעבן, וואָס האָט זיך אומגעקערט צו איר, און האָט געאַרנישט געוואָלט קענען, אַחוץ די פריידן פון לעבן.

אָליאַ האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף דער שוועל און שאַרף געקוקט אויף דער מוטער. זי איז נישט צוגעגאַנגען צו איר און האָט זי כמעט נישט דערקענט. גלייך ווי פאַר איר איז פאָרגעקומען עפעס אומפאַרשטענדלעכס, נישט רעאַלס, און זי האָט זיך געוואָלט אָפּטרייסלען דערפון. זי האָט געזען, אָבער נישט אויפגענומען דאָס געזעענע, ווייל איר באַוווסטזיין איז געווען ערגעץ אַנדערש.

ווען זי האָט דערהערט דער מוטערס קול, וואָס האָט זי גערופן ביים נאָמען, ווען דער פאָטער האָט זי אָנגעגומען פאַרן אַקסל און מיט געוואַלט זי געוואָלט צופירן צום בעט, האָט זי זיך אַרויסגעריסן פון זיינע הענט, איז אַרויסגעלאָפן אין פינצטערן לאַנגן קאָרידאָר, גלייך ווי זי וואָלט אַנטלאָפן פון אַ קאָשמאַר, זיך אַנידערגעזעצט אויף דער ערד און זיך צעוויינט.

אָליאַ האָט איצט דערפילט די גרויס פון איר פאַרלוסט, און ס'האָט איר שרעקלעך וויי געטון.

דער שוואַרצער גרויסער נעראָ איז צוגעקומען צו איר, אויפמערקזאַם געקוקט אויף איר, און דאַכט זיך, אַלץ פאַרשטאַנען מיט זיין חיהשער פינצטערער און סודותדיקער נשמה.

אָט דאָס דריקנדע געפיל פון פאַרלוסט האָט אויך איצט באַהערשט אָלגאַן, איצט, ווען זי איז, אויפעפענענדיק די אויגן, פאַרבלענדט געוואָרן פון דער אַרומיקער פינצטערניש.

איילנדיק און אָנשטויסנדיק זיך אויף פאַרשידענע זאַכן, איז זי צוגעלאָפן צום בעט. אַן אויגנבליק... און די אויפגעהוי-

בענע הענט זענען פאַרגליווערט געוואָרן, נישט האָבנדיק קיין כּוח זיך אַראָפּצולאָזן אויפן קערפּער, וואָס האָט אויסגעוויזן טויט.
ניין, די שרעק האָט אָפּגענאַרט — קסעניאַ איגנאַטיעווגאַ האָט געטעמט. אָבער אָלגאַן האָט זיך, אַזוי ווי דעמאָלט, אין דער פאַרגאַנגענהייט, געדאַכט, אַז איר פאָרגעפיל האָט זי נישט אָפּגענאַרט.

---

## XXVII

אין מיטן יאַנואַר, ווען אין גימנאַזיע האָט מען אָנגעהויבן צו לערנען און אָלגאַ, אַלס גימנאַזיסטין, האָט געמוזט גיין אויף די לעקציעס און ווי ס'איז נישט איז צוגרייטן זיי, אָפּרייסנדיק דערצו אַ ביסל צייט פון פלעגן די מוטער און די צוזאַמענ־קונפטן מיט שירווינסקין, וועלכע האָבן, איינמאָל אָנהויבנדיק זיך, כּסדר זיך געצויגן, פאַרקריפּלנדיק דעם מיידלס נשמה, אַריינציענדיק זי אַלץ טיפער אינם שטילן אָפּגרונט פון דער אויפגעוואַכטער ליידנשאַפט — אין אָט דער צייט פון אומוועגן און ווילנלאָזיקייט, האָט וואַסיאַ טרונאָוו געשריבן צו אָלגאַן:
„אָליאַ, אָליאַ, כ'בעט אייך, הערט מיך אויס. איר האָט עס צוליב עפּעס קיינמאָל נישט געוואָלט טון. איר האָט שטענ־דיק געלאַכט פון מיר, קיין איינמאָל מיך נישט גזקושט. וואָס איז פאַר אייך איין קוש, ווען איר... יאָ, איך ווייס אַלץ! פאַר מיר האָט גאָרנישט געקענט פאַרבאָרגן ווערן. איך האָב געפּאָרשט יעדן טריט אייערן, איך האָב געלייענט אין אייערע אויגן, איך האָב אויפגעכאַפּט יעדע באַוועגונג אייערע. און דע־מאָלט, אָלגאַ, ווען איר זענט געשטאַנען פאַר אונז, ווי אַ וויזיע, איך ווייס נישט, וואָס איז מיט מיר דעמאָלט געווען. איך האָב געוויינט, ווי אַ קינד, ניין, ווי אַ מענטש, פאַר וועלכן דאָס גאַנצע לעבן ליגט אין דעם, וואָס ער קען נישט דערגרייכן... איך בין אומשולדיק, אָלגאַ. הערט ביזן טאָג, ווען כ'האָב דער־זען אייערע אויגן, דערפילט דעם ריח פון אייער קערפּער —

בין איך געווען אומשולדיק, איך האָב נישט געקענט קיין פרויען, איך האָב פּאַר זיי מורא געהאַט. איך האָב שטענדיק געטרוימט וועגן ליבע, וועגן ריינער און הערלעכער ליבע, און מיך האָבן געעקלט די קושן פון די, וועלכע ליבן נישט. איך האָב גע־וואָלט אָפּהיטן מיין קערפּער פאַר דער, וועלכע כ׳וועל ליב האָבן. איך האָב געטרוימט וועגן איר, וועגן מיין געליבטער, מיט אומעט, מיט ווייטאָג. גאַנצע נעכט האָב איך געוויינט נאָך איר, זי גערופן. זי איז נישט געווען. איר ווייסט נישט, ווי שווער ס׳איז צו בלייבן צניעותדיק, ווען אַרום דיר איז דאָ אַזוי פיל נסיונות, ווען אַלע לאַכן פון דיר אין די אויגן, ווען דו הערסט דאָס קלאַפּן פון דיין בלוט, ווען דו ביסט שוין אַלט 18 יאָר. און דאָך בין איך דעמאָלט געווען גליק־לעכער. איך האָב דעמאָלט געהאָפּט, זיך געוויגט אין זיסן שלאָף. טיילמאָל האָב איך אַפילו געהאַט אַ באַזונדערע פרייד, אַ שאַרפן פאַרגעניגן, וואָס כ׳בין צניעותדיק, אַז ס׳וועט קומען די, וועלכע כ׳וועל ליב האָבן, און זי וועט נעמען פון מיר, אַלץ וואָס ס׳קען געבן ליידנשאַפט, יוגנט, אומשולד. איר פאַר־שטייט, איך האָב ליב געהאַט מיין קערפּער. כ׳האָב אים גע־פלעגט, כ׳האָב זיך אַנטציקט פון זיין גראַציעזקייט, פון זיין ריינקייט. און אָט האָב איך דערזען אייך, וועלכע כ׳האָב פריר געקענט, אָבער נישט געזען. דעמאָלט האָבן זיך אָנגעהויבן מיינע ליידן. איר האָט גלייך דערפילט, אַז איך בין אין אייערע הענט. אַז איר קענט פון מיר אַלץ מאַכן. און איר האָט מיר באַפוילן איבערצוגעבן גרויסן פאַר אַקטיאָרן, טראָגן צעטעלעך. איר האָט זיך נישט צוריקגעהאַלטן פון רעדן אין מיין אָנווע־זנהייט וועגן אייערע געפילן צו אַ צווייטן, איר האָט צוגעזאָגט מיך אַ קוש צו טון, אויב איך וועל אַ גאַנצן חודש נישט רעדן מיט אייך. איך האָב זיך אונטערגעגעבן. איך האָב נישט גע־האַט קיין כח צו קעמפן. כ׳ווייס אַפילו גישט, צי כ׳האָב אייך ליב געהאַט, אָבער איר האָט מיך געצויגן, איך האָב נישט געקענט נישט טראַכטן וועגן אייך, איך האָב אָנגעהויבן אייך געהערן.

„אָ, וויפיל מאָל האָב איך איצט פאַרשאָלטן מיין אומ־געשיקטקייט, מיין אומשולדיקע שעמעוודיקייט, וואָס האָט מיר געשטערט צו זיין שלוי, שטאַרק, פאַרפירעריש, אַזוי ווי אַנ־דערע. דעמאָלט וואָלט איך שוין געקענט אייך צווינגען זיך אונטערצוגעבן מיר. איך וואָלט נישט געבעטן רחמים וועגן אַ נישטיקן קוש, איך וואָלט נישט געקראָכן פאַר אייך אויף די קני, כ׳וואָלט נישט געוויינט. איצט האָב איך פאַרשטאַנען, ווי לעכערלעך איך בין געווען מיט מיין פאַרלאַנג אָפּצוהיטן מיין קערפּער פאַר אַ געליבט מיידל.

„איר האָט מיך געמאַכט אויסגעלאַסן, איר האָט פאַרקרי־פּלט, צעטרעטן מיין נשמה און גוף. יאָ, יאָ — איר! איר האָט אָפּגעהיטן אייער קערפּער, פאַר אַ מענטש, פאַר וועלכן אייערע צערטלעכקייטן זענען נאָר אַן איבריקער פאַרגעניגן, אַ צופעלי־קער צייט־פאַרטרייב, וועלכער מאַכט חוזק פון אייך, וועלכער דערציילט בסוד יעדערן וועגן אייערע באַציונגען מיט אים... און מיר, מיר, פאַר וועלכן איר זענט אַלץ, איר זענט די ערשטע — מיר האָט איר געזשאַלעוועט צו שענקען. אַזוי ווי אַ נדבה, אַ נישטיקן קוש.

„זייט זשע פאַרשאָלטן, און אויב איר קענט, לאַכט פון מיר, פון אייער געליבטן, פון זיך.

„לאַכט, ווייל איך האָב פאַרלוירן די בושה און דאָס געוויסן. איך בין געקומען צו אייער געליבטן און האָב אים אַלץ דערציילט. אָבער ער האָט מיך נישט אַרויסגעטריבן. ער האָט אויך געלאַכט... ער האָט געריבן די הענט... ער האָט מיך אייך אָפּגעטרעטן. פרעגט נישט — ווי אַזוי. איר דאַרפט נישט וויסן מיט וועלכע וועגען מענטשן קומען צו געמיינהייט. אָבער איך זאָג אייך נישט קיין ליגנט.

„ניין, איך שעלט אייך נישט, איך בענטש אייך. איך בין ווידער גרייט צו קושן די טריט פון אייערע פיס. פאַר־שטייט, אַז איר זענט פאַר מיר אַלץ. יאָגט מיך נאָר נישט פון זיך, און איך וועל, ווי אַ הונט, לעקן אייערע הענט. אויף איין וואָרט אייערס, וועל איך אים דערהרגענען, ווייל ער איז

אייער שונא, ער איז אַ פּינצטערער שאָטן אויף אייער גאַנץ לעבן. איר האָט אים דאָך נישט ליב.

„ענטפערט מיר. איך וועל וואַרטן אויף אייער ענטפער ביז מאָרגן, און אויב איר וועט נישט קומען, זאָל בלייבן אַזוי, ווי מיר האָבן אָפּגערעדט מיט שירווינסקין. קיין אַנדערן אויס-וועג האָב איך נישט.

וואַסיאַ".

---

XXVIII

אָלגאַ האָט געלאַכט לאַנג, עקשנותדיק, גלייך ווי עמע-צער וואָלט זי געצווונגען צו לאַכן. זי איז געזעסן און געלערנט פּעדאַגאָגען און געלאַכט אַזוי, אַז די טרערן האָבן זיך איר געגאָסן אויף די געלע בלעטלעך פון בוך. זי האָט זיי נישט אָפּגעווישט, נישט צעריסן דעם אומגליקלעכן בריוו. זי איז נישט צעמישט געוואָרן פון זיין טאָן, אָבער קיין קאָמישעס האָט זי נישט געפונען אין אים. און דאָך האָט זי נישט אויפגעהערט צו לאַכן. זי האָט נישט געהאַט קיין כּח צו קעמפן מיטן גע-לעכטער. פאַר דער לעצטער צייט האָט זי אויפגעהערט קענען זיך באַהערשן. זי האָט אַלץ געטון, אַזוי ווי אָן איר ווילן. מען האָט זי געוועקט זי זאָל גיין אין גימנאַזיע, און זי איז געהאָרכזאַם אויפגעשטאַנען און געגאַנגען; דערנאָך האָט זי גע-געסן מיטאָג, דערנאָך איז זי געלאָפן צו שירווינסקין, — זי איז שטענדיק געלאָפן, גלייך ווי זי וואָלט מורא געהאַט צו פאַר-שפּעטיקן, מורא געהאַט, אַז זי וועט נישט גיין. דאָס איז גע-ווען שכרות — שווערע, קרענקלעכע, אָבער אומפאַרמיידלעכע. זי האָט שטענדיק מיט עקל געטראַכט וועגן די פּרטים פון די צוזאַמענקונפטן מיט שירווינסקין, און זי האָט זיי דאָך נישט געקענט איבעררייסן. זי איז געוואָרן אַן אַנדערער מענטש, אי-בערטרעטנדיק די שוועל פון איר געליבטנס צימער. דאָרט האָט זי פאַרלוירן די בושה, פאַרגעסן די צייט, אָנגעווירן די

פעיקייט צו דענקן. ער האָט געמאַכט מיט איר, וואָס ער האָט געוואָלט.

ער האָט זי געמוטשעט און דעגענערירט, און נייגיריק געקוקט, ווי זי נעמט עס אויף. ער האָט זי אָנגעטרונקן מיט ליקער, מיט מאַסגאַרין, וואָס זי האָט אַזוי ליב געהאַט, און גערעדט צו איר, וואָס איז אים נאָר געקומען אין זיין צע־היצטן קאָפּ אַריין. באַמערקנדיק אירע שוואַכע זייטן, אירע קליינע מיידלעשע סודות, וואָס זענען איר טייער געווען, אירע אַבערגלויבערישע געוווינשאַפטן און נאַיווע געדאַנקען, האָט ער חוזק געמאַכט, ציניש זיי אויסגעלאַכט, בימלעכווייז איז פאַר איר פאַנאַנדער געפאַלן אָט די וועלט, מיט וועלכער זי האָט פריר געלעבט, אַלץ האָט אָנגענומען מיאוסע, שרעקנדיקע, זינ־לאָזע פאָרמען, אַלץ וואָס הייליק איז — איז מאַט און פאַרלאָשן געוואָרן.

און יעדן טאָג איז זי געגאַנגען צו די מאַטערנישן, בכדי נאָכאַמאָל אויסצוטרינקען דעם ביטערן בעכער פון זינד, און אַ דערנידריקטע, פאַרגענוגן האָבן פון אירע ליידן.

אָבער דאָס אַלץ איז פאַרשוווּנדן, ווי נאָר זי איז אַרויס־געגאַנגען אויף דער גאַס און אָנגעהויבן צו שפּרייזן איבערן ווייסן שניי. אין דער ווינטערדיקער הילע האָט די שטאָט אויס־געזען ריינער און היימלעכער. זי האָט געשעפּטשעט און זיך געבלאָזן אין איר בלאָען פראָסטיקן רויכל; זיך דערוואַרעמט מיט געלע צאַנקנדיקע פייערן, איינגעהילט אין פאַרע, רויך און ראָזע פלאַמען.

און ווייט אַרום זענען געשלאָפן די אָנגעכמורעטע פעל־דער און פאַרגליווערטער וואַלד.

„ווי גוט איז, וואָס ס'זענען פאַרהאַנען אָט די שטערן, און דער שניי, און די צעפּאַטלטע בעל־עגלהשע פערד, און די וואָרנעס אויף די דעכער — האָט אָלגאַ געטראַכט. — וואָס פאַר־וווּנדערלעכס פאַרמאָגן זיי, וואָס לינדערט אַזוי יעדן ווייטיק? און פאַרוואָס זעסטו דאָס אַלץ אַזוי בולט נאָר צייטנווייז? און ווי נאָר דו זעסט עס, פאַרגעסטו אָן זיך, און ס'דאַכט זיך דיר

שוין נישט, אַז דו ביסט דאָס וויכטיקסטע, דאָס נויטיקסטע אויף דער ערד...״

אונטער דער בריק האָט, ווי אַמאָל געשפּילט „אויף די בערג פון מאַנדזשוריען״, אָלגאַ האָט זיך זיך אָפּגעשטעלט אויף דער בריק, זיך אָנגעשפּאַרט אָן דעם אָנלען און געהערט.

נאָך דעם איינעם סוד האָט זי איבערגעלאָזט פאַר זיך, נישט אויסגעגעבן שירווינסקין.

דער 22־טער דעצעמבער. ס'איז שוין באַלד אַ חודש, ווי דאָס איז געשען. אָבער זי געדענקט אַלץ, ביז די קלענסטע פּרטים.

— דו האָסט געלאַכט, אָלגאַ?

— יאָ, איך לאַך אויך איצט.

וואַריאַ איז צוגעגאַנגען צו דער חברטע און זיך אַנידער־געזעצט אויף אַ בענקעלע ביי אירע פיס.

— איך בין צופרידן, וואָס דו לאַכסט שוין...

— ערנסט?

— יאָ, די לעצטע צייט ביסטו עפּעס אַזוי ווי אַוועק פון אונז. און איך בין אַזוי גליקלעך.

— דו ביסט גליקלעך?

— זייער. און איך בין זייער דאַנקבאַר דערפאַר. דו ביסט אַזאַ גוטע. מיר האָבן זיך דאָך ווידער איבערגעבעטן מיט אַר־קאַדיען...

— אָבער ווי קום איך דערצו?

— דו האָסט אונז דערנענטערט. ער זאָגט, אַז ער האָט נישט געגלויבט, ער זאָל קענען זיך אַזוי צובינדן צו אַ פרוי.

— פאַרשטייט זיך, דו גייסט דאָך צו אים יעדע נאַכט!

וואַריאַ האָט באַהאַלטן איר פאַררויטלט פּנים אויף דער חברטעס שויס.

— זיי מיר מוחל... איך האָב זיך באַמיט עס צו מאַכן, ווי מעגלעך שטילער... איך האָב נישט געוווסט,—האָט זיך פאַר־ענטפערט דאָס דערשלאָגענע מיידל.

— נו, גענוג, וואָס אַזוינס איז דאָ מוחל צו זיין? האָב

קיין מורא נישט, כ׳וועל דיך נישט אויסגעבן. אַבי נאָר דער־טאַטע זאָל נישט געוווּיר ווערן דערפון...

— אָ, ניין, ער וועט נישט געוווּיר ווערן!

וואַריאַ האָט אָנגעכאַפּט אָלגאַן פאַר דער האַנט און איר אַריינגעקוקט אין די אויגן.

— ווּעסטוּ מיך גישט אַרויסטרייבן? ווּעסט מיך לאָזן דאָ זיין נאָך אַ ביסל?

אָלגאַ האָט געשמייכלט איר בליק איז געווען צעשטרייט. זי האָט געענטפערט כמעט גלייכגילטיק:

— נוּ, פאַרשטייט זיך.

וואַריאַ, אַ באַרויקטע, אַ ווייכע, פוּל מיט געדאַנקען וועגן געליבטן, האָט נעפּליסטערט:

— יאָ, יאָ, איך האָב געוווּסט, אַז דוּ ביסט אַ גוטע. איך וועל דאָס קיינמאָל נישט פאַרגעסן, קיינמאָל נישט... אַרקאַדיע האָט מיר צוגעזאָגט, אַז ווען ער וועט ווערן אָפיציר, וועט ער מיך באַזעצן ערגעץ נישט ווייט.

— מיטן קינד?

— איך ווייס נישט... מיר האָבן נאָך נישט גערעדט וועגן דעם. אָבער ער וועט מסכים זיין.

— און אויב נישט?

אָלגאַ האָט איראָניש אַ קוק געטון אויף וואַריאַן.

— דעמאָלט, דעמאָלט...

— דוּ וועסט שוין טוּן דאָס, וואָס מאַניאַ טוט צוּליב איר זשאָרזשס ליבע?

וואַריאַ האָט בעטנדיק, געענטפערט:

— אָלגאַ, רעד נישט אַזוי, איך וועל עס נישט איבער־טראָגן...

— דיר האָט זיך שוין לאַנג געדאַכט, אַז דוּ וועסט עס נישט איבערטראָגן, און דאָך... זיך אַליין ווייניקסטנס נאַר נישט.

— איך נאַר נישט, אָליאַ. איך ווייס, אַז פאַר דיר איז לעכערלעך מיין שוואַכקייט, ווייל דוּ ביסט נאָך אַ מיידל...

אָלגאַ איז האַסטיק אויפגעשטאַנען. אירע אויגן, קיילעכדיקע

און אויסגעבייליטע, זענען געוואָרן נאָך גרעסער און האָבן גע־ברענט, ווי ביי אַ קאַץ.

וואַריאַ, אַ דערשראָקענע, איז געבליבן ביי דער ליידי־קער שטול.

— זאָלסט נישט וואַגן, זאָלסט נישט וואַגן מיך אָנצורופן מיידל! הערסט, דו — נישטיק פאַרקריפּלט ווענן! איך פאַראַכט איך אַלע, ווייל איך בין אויך אַזוי ווי איר... פאַרשטייסטו דאָס?

---

XXIX

שירווינסקי, אַ שמייכלגדיקער און שמעקנדיקער, האָט אויפגעעפנט אָלגאַן די טיר.

— דו ביסט פינקטלעך, ווי שטענדיק!

אָלגאַ האָט שווייגנדיק, נישט באַגריסנדיק זיך, אים דער־לאַנגט וואַסיאַס בריוו.

— אַ בריוו? אָבער ער איז דאָך נישט אַדרעסירט צו מיר...

— לייען אים דורך...

שירווינסקי איז, הויבנדיק מיט די אַקסלען, צוגעגאַנגען צום לאָמפּ.

אָלגאַ איז אומבאַוועגלעך געשטאַנען ביי דער רויטער פּאָרטיערע, אונטער וועלכער ס'איז געווען די טיר פון שלאָף־צימער.

ענדלעך האָט שירווינסקי אויפגעהויבן דעם קאָפּ, אויפ־הויבנדיק דערביי די ברעמען, וואָס ער פלעגט שטענדיק טון, ער האָט געוואָלט ווייזן זיין פאַרוווּנדערונג.

— דאָס איז זייער שיין, — האָט ער געזאָגט מיט אַן אומ־צופרידן קול, — אָבער וואָס פאַר אַ שייכות האָט עס צו מיר? צוליב וואָס האָסטו מיר געבראַכט אָט די געמיינהייט? איך שעץ זיך צופיל, כ'זאָל זיך פאַרטיידיקן פאַר די געמיינהייטן, וואָס זענען דאָ געשריבן אויף מיר; איך האָף אָבער, אַז דו אַליין גיסט נישט צו צו דעם קיין ערנסטע באַדייטונג. אמת?

אָלגאַ האָט געשוויגן.

— דאָס דאָזיקע ייִנגל איז פּשוט פאַרליבט אין דיר און באַנוצט זיך מיט אַלע מיטלען. דאָ איז ער אַ ביסל אַראָפּ פון וועג, אָבער זיין בריוו איז גענוג אינטערעסאַנט. באַהאַלט אים, אַלס אוניקום.

שירווינסקי איז אויפגעשטאַנען און, צוגייענדיק צו אָלגאַן, זי געפּרוּווט אַרומנעמען.

— נו, טו זיך שוין אויס! מיר וועלן טרונקען קאַווע און שמועסן אַ ביסל. איך וועל פּאָרט מוזן פאָרן קיין פּעטראָגראַד זיך לערנען. דו ביסט היינט זייער שיין. ס'פּאַסט דיר די אויפרעגונג... עפּעס באַזונדער העל גלאַנצן דיינע האָר, און די אויגן בייטן יעדע מינוט זייער קאָליר. אָט זענען זיי גאָר וואָס געווען גראָ, ווי שטאָל, און איצט זענען זיי שוין געל.

ער האָט אָנגעהויבן העלפן איר אויסטון דעם מאַנטל און דעם הוט. זי האָט זיך נישט געווערט, אָבער אַלץ געשוויגן, קוקנדיק ערגעץ אין אַ זייט.

שירווינסקי האָט זי צוגעפירט צו דער קאַנאַפּע ביים קיילעכדיקן טיש, ווו ס'איז געשטאַנען אַ קאַווע-קרוג מיט אַ ספּירט - מאַשינקע, צוויי טעפּלעך און אין שטרויען קיישל אַ גרין פּלעשל מאַסקאַרין, און זי אַוועקגעזעצט לעבן זיך.

— הייסט עס, מיר וועלן זיך מוזן צעשיידן — האָט ער רויק גערעדט.— דו פאַרשטייסט געוויס, אַז דאָס איז מיר נישט אָנגענעם, אָבער וואָס קען מען מאַכן! לאָמיר זיין שטאַרק... ייִדנפּאַלס וועלן מיר זיך אין צוויי חדשים אַרום ווידער זען. דערנאָך וועסטו קומען קיין פּעטראָגראַד, אמת?

ער האָט זי געפּרוּווט אַרומנעמען.

— דו ביסט נאָך אַלץ ברוגז?

צעהיצנדיק זיך גלייך, האָט אָלגאַ אָנגעהויבן:

אָבער ניין, ניין! איך ווייס נישט און וויל גאָרנישט וויסן! דו זאָגסט: דער בריוו דאָס זענען ווערטער פון אַ מְשוּגענעם. זאָל זיין אַזוי. אָבער פאַרוואָס ווערן אַלע משוגע, ווען זיי רעדן פון ליבע? פאַרוואָס וועקט זיך אויף דעמאָלט אינעם מענטש דאָס נידריקסטע, און יעדער זאָגט ליגנט מיט פאַרגעס-

ניגן, זאָגט ליגנט, בכדי צו געווינען דאָס, וואָס ער דאַרף? ניין, נישט דאָס מיין איך! כ׳רעד נאַרישקייטן. אָבער איך קען נישט מער! וואָס ווילט איר פון מיר? לויפן פון דאַנען, פאָרן פון איין שטאָט אין דער צווייטער, און קיינעמען נישט ליב האָבן, צו קיינעמען זיך נישט צובינדן... און דער זין פון אָט דעם לעבן? ביזן טאָג, וואָס כ׳האָב אויפגעהערט צו זיין אַ מיידל, איז אומעטיק געווען, אָבער שטענדיק האָב איך גע־האַט עפּעס אַ האָפנונג... איך האָב אין עפּעס געגלויבט! מיר האָט זיך געדאַכט, אַז אָט־אָט וועט עס מקוים ווערן. איך האָב נישט געהאַט קיין שום אידעען, קיין שום פאַרלאַנג צו „אַר־בעטן"— איך האָב שטענדיק געלאַכט דערפון. איך בין געווען, ווי די מערהייט ביי אונז. איך בין געגאַנגען אין גימנאַזיע, געלערנט פיזיק, היסטאָריע, דערפאַר, ווייל מען האָט געמוזט קענען די לעקציעס. כ׳האָב געלייענט זייער אַ סך, געלייענט אַלץ, וואָס איז געקומען אונטער דער האַנט; אומעדום אין דערהיים, אין שולע, אומעדום האָב איך זיך געפילט פרעמד, נישט ביי זיך, נישט אויפן אָרט, און געדאַכט האָט זיך מיר, אַז אַלץ איז אויף דערווייל, צייטווייליק, אַז כ׳בין אויף אַ „פּאָלוסטאַנקע" און וועל באַלד פאָרן ווייטער — אַהין, ווו מען דאַרף. גאָט מיינער, כ׳ווייס אַפילו נישט צי איך בין אָרים, צי רייך. כ׳האָב אַלץ און גאָרנישט. כ׳האָב אַ פאָטער, אַ מוטער, וועלכע כ׳האָב ליב, אַ דירה, ווו כ׳וווין, אָבער אין דער ווירק־לעכקייט האָב איך גאָרנישט. און מיינע חברטעס — זענען אַלע אַזעלכע. נאָר גאָר אָרימע טוען עפּעס און מיידן אונז אויס. מיר ווייסן נישט צו וואָס מען גרייט אונז צו, ווייל מיר קע־נען גאָרנישט... אין דער קינדהייט צערטלט מען אונז, דער־נאָך שיקט מען אונז אין גימנאַזיע, בכדי מיר זאָלן באַקומען אַ דיפּלאָם און זיין אַזוי ווי אַלע. דאָרט פאַרברענגען מיר די גאַנצע צייט, ווערן אָפּגעוווינט פון דער היים, און לערנען זיך גאָרנישט אויס. מיר זענען כלומרשט פאַרנומען אַ גאַנצן טאָג, און דאָך ווייסן מיר נישט, וואָס צו טון מיט זיך. דערנאָך וואַרפט מען אונז אַרויס אויף דער גאַס, אָדער מען באַמיט

זיך אונז חתונה צו מאַכן... חתונה האָבן... אָבער שוין פון דריטן קלאַס אָן לאַכט מען ביי אונז, ווען עמעצער טרוימט וועגן דעם! מיר וויסן גוט, וואָס אַזוינס פאַמיליע איז, איבּ־ריקנס, די מאַמע קען עפּעס — זי איז זייער אַ פּינקטלעכע, זי ווייסט, ווי אַזוי מען מאַכט ליאָדעס, זי גלויבט, אַז אַ ווייב, דאַרף מוחל זיין דעם מאַן, אַז אַ פרוי דאַרף בעטן גאָט און ליידן. אָבער איך גלויב נישט אין דעם, כ'קען נישט גלויבן, כ'וויל נישט גלויבן... און דעריבער האָב איך נישט קיין וועג, כ'האָב קיינמאָל נישט געהאַט, כ'האָב אָבער געהאָפט! נו, לאַך, אויב דו ווילסט! אַוודאַי איז דאָס נאַריש! און איך האָב זיך ווידער אומגעקערט צו דעם, וועגן וועלכן ס'האָט אפשר גע־טרוימט די מאַמע—צו ליבע... ווי אַזוי כ'האָב געטרוימט וועגן איר — ווייס איך נישט. איך האָב שטענדיק געמיינט, אַז אמתע ליבע איז עפּעס אַ ריזיקס, אַ פאַרכאַפּנדיקס, אַ גרעניצלאָזעס... אָ, איך בין נישט קיין הייליקע, איך פאַרשטיי, אַז ליידנשאַפט מעג זיין און מוז זיין. איך וויל זי — אָבער אַזעלכע, פון וועל־כער ס'זאָל זיין זיס צו שטאַרבן. אָבער זי איז נישטאָ... איך מוז דיר עס זאָגן. דו האָסט מיך נישט פאַרגוואַלדיקט, כ'האָב זיך דיר אַליין אָפּגעגעבן, ווייל מיר איז געווען אַלץ איינס, אָבער כ'וואָלט שוין בעסער געוואָלט פאַרגוואַלדיקונג, איידער אונזער ליבע.

XXX

שירווינסקי איז די גאַנצע צייט געזעסן שווייגנדיק. ער האָט נישט אָפּגעווענדט און נישט צוגעשאָקלט. ער איז געזעסן אין אַ באַקוועמער פּאָזע אויף דער קאַנאַפּע, פאַרלייגנדיק אַ פוס אויף אַ פוס, אָנשפּאַרנדיק זיך אויפן קישן און, רויכערנ־דיק פון אַ קליינער אַמעריקאַנער ליולקע שטאַרקן ענגלישן טאַבאַק. פון צייט צו צייט האָט ער געדרייט די שמעקנדיקע וואָנסעס און נייגעריק געקוקט אויף אָלגאַן.

ס'ערשטע מאָל האָט ער זי געזען אַזוי צעהיצט און באַ־רעדעוודיק. זי האָט גערעדט שנעל, איבערשלאָגנדיק זיך די רייד, אַריין אין זיך מיט אירע אויסגעביילטע אויגן.

מינוטנווייז האָט ער פאַרלוירן דעם פאָדעם פון אירע רייד און דעמאָלט האָט ער געטראַכט וועגן דעם, ווי שיין זי איז און אומגעדולדיק געקוקט אויפן רויטן פאָרהאַנג, אונטער וועלכן ס'איז געווען זיין שלאָפצימער, און איז אין כעס געווען, וואָס זי ענדיקט נישט. דאָך איז דאָס געווען בעסער פון דעם, וואָס האָט געקענט זיין מיט אַ צווייטער, ער איז אַלץ רויקער געוואָרן וועגן זיין פרייהייט און זיכערהייט.

— מיט אַזעלכער קען מען ווייט אַוועק — האָט ער גע־זאָגט צו זיך.

ענדלעך האָט זי געענדיקט.

ער האָט איר אויסגעשטרעקט די הענט מיט אַ פריינט־לעכן זשעסט פון אַ מענטשן, וואָס פילט מיט און פאַרשטייט.

זי איז גאַנץ רויק צוגעגאַנגען צו אים, אַ מידע, אַ ווייכע, גלייך ווי זי וואָלט שוין שלום געמאַכט מיטן אומפאַרמיידלעכן. זי האָט אָנגעגאָסן קאַווע אין צוויי טעפעלעך — זיך און שיר־ווינסקין, געבענדיק זיך קוים אַן עצה מיט די פליכטן פון אַ באַלעבאָסטע, וואָס האָבן זי קענטיק געווײַלט.

— איך האָב זיך, דאַכט זיך, צופיל צעפילאָזאָפירט — האָט זי געזאָגט, שמייכלענדיק קוים, — דאָס פּאַסט מיר נישט.

אינגאַנצן באַרויקט פון אָט דער אומדערוואַרטעטער ענדע פון איר קליינעם אויפברויז, — האָט שירווינסקי, וועלכער האָט זיך שטענדיק אַנטציקט פון די פּלוצימדיקע ענדערונגען אין אַלגאַס שטימונגען און איר קענטניש זיך אָפּצוהאַלטן פון סענ־טימענטאַליטעט, וואָס איז אַזוי אייגן פרויען אין איר לאַגע — באַקומען אַן אויסגעצייכנטע שטימונג. ער האָט אָנגעהויבן שפּאַסן, לאַכן, דערציילן אַנעקדאָטן. ער האָט זיך באַמיט איינצופלאַנצן אין אַלגאַן אַ הומאָריסטישע באַציונג צו מענטשן, צו זייערע געפילן, צו זייערע שטרעבונגען.

ער האָט פּאַמעלעך געזופּט קאַווע מיט ליקער, צוגיסנדיק אַלעמאָל אָלגאַן מיט אַ פריינטלעכן שמייכל.

— אין דער דאָזיקער בלאָטע בלייבט אונז איבער נאָר צו טרינקען. צי געפינסטו נישט, אַז נאָר פאַרשכורנדיק זיך, קען מען דערגרייכן דאָס הויכע?

פאַרשטייענדיק גוט דעם מיידלס קרענקלעכע אייגנליבע, וואָס איז טיילמאָל איבערגעגאַנגען אין עקשנות, האָט ער עס אויסגענוצט פאַר זיינע צילן.

— און דאָך איז דיר פאַרבליבן אַ סך קליינבירגערלעכעס. מיין פריינד, — האָט ער געזאָגט, — דו שטעלסט זיך אָפּ אָפּ אויפן האַלבן וועג. און פאַר קיין פאַל ווילסטו נישט גיין וויי-טער. דיינע טרוימען וועלן בלייבן טרוימען, ווייל אַ סך זאַכן שרעקן דיך נאָך. מען דאַרף אויסשעפּן אַלע מעגלעכקייטן, כדי צו זאָגן, אַזוי ווי דו: „איך האָף אויף גאָרנישט און וועל גאָר-נישט געפינען".

— איך בין מיד געוואָרן צו וועלן, איך חיל נישט וועלן!

— דו קענסט נישט, און נישט דו ווילסט נישט, — האָט זיך ביי זייניקן געהאַלטן שירווינסקי.

ער האָט זיך אַלץ מער צעהיצט. עפּעס שאַרפערס פון אַלקאָהאָל האָט אויפגעוועקט אין אים שטאַרקע באַגערן.

ער האָט צוגעדריקט צו זיך אָלגאַן, רייסנדיק כמעט מיט כעס אירע קליידער.

זי האָט געקוקט אויף אים מיט פאַרווונדערונג, כמעט מיט שרעק. זי האָט נישט דערקענט אים, וועלכער איז שטענדיק געווען אַזוי צוריקגעהאַלטן.

ער האָט זי אָנגעשטעקט מיט זיין שכרות...

— צוליב וואָס פאַרהוילן, צוליב וואָס באַהאַלטן זיך? — האָט ער פאַרשטיקט געמורמלט, — אַנטשליט זיך, אַנטשליס זיך...

אַן אַנטבלויזטע, אַן אויסגעמוטשעטע, האָט אָלגאַ נישט געוווּסט, אויף וואָס זי זאָל זיך אַנטשליסן. זי האָט פאַרלוירן דעם פאָדעם פון אירע געדאַנקען.

עפּעס אַ הייסע כוואַליע פון ליידנשאַפט האָט פאַרגאָסן איר נשמה.

זי האָט זיך געקלאַמערט אָן זיינע אַקסלען און מיט פאַר־שטאַרטע, גאָרנישט זעענדיקע אויגן, געפרעגט:

— דו ביסט עס? דו?

גלייך ווי זי וואָלט נישט צו שירווינסקין זיך געווענדעט נאָר צו אַ צווייטן, וועלכער האָט איר נישט געקענט ענטפערן.

און ווען זי האָט, אַן אויסגעמאַטערטע, אַ ציטערנדע אָנגעהויבן קומען צו זיך און מיט איינגעפאַלענע אומעטיקע אויגן אַרומגעקוקט זיך אין צימער — האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז דאָס איז אַ חלום, אַ וויזיע, — דאָס, וואָס זי האָט דערזען, און, אויפשטעלנדיק זיך אויף די קני, אַ בלייכע, האָט זי זיך אַריינגעשטופּט אין אַ ווינקל פון דער קאַנאַפּע און אויסגע־שטרעקט די דינע הענט.

גאָר נאָענט פון איר, אויך אַ בלייכער, מיט ציטערנדע ליפּן און, האַלטנדיק זיך קוים אויף די פיס, אויסשטרעקנדיק, אַזוי ווי זי, די הענט, איז געשטאַנען וואַסיאַ.

ער האָט, דאַכט זיך, געוואָלט רעדן, אָבער זיינע ליפּן האָבן זיך באַוועגט, און קיין איין קלאַנג איז נישט אַרויס פון זיין פאַרשטיקטער קעל.

ער האָט זיך נאָר געצויגן צו איר, און דערנאָך, פאַלנ־דיק אויף די קני, האָט ער אַ נעבעכדיקער, מיט אַ פּיאַנע אויפן מויל, אָנגעהויבן קריכן צו דער קאַנאַפּע.

שירווינסקי האָט, שטייענדיק פון דערווייטנס, גיריק גע־קוקט אויף ביידע.

דעמאָלט איז אָלגאַ אויפגעשטאַנען. זי האָט זיך אויסגע־צויגן אין איר גאַנצער וווּקס, און אַ אָפּגעקילטע און פאַרשלאָ־סענע, פאַרבייגעגאַנגען לעבן וואַסיאַן, וועלכער איז נאָך אַלץ געשטאַנען אויף די קני, צוגויפגענומען אירע צעוואָרפענע זאַכן, און, נישט קוקנדיק אויף די מענער, וואָס זענען פאַרגליווערט געוואָרן אויף זייערע ערטער, איז זי, אַ נאַקעטע, אָבער אינ־גאַנצן רויק, גלייך ווי קיינער וואָלט נישט געווען אין צימער,

פאַמעלעך אַריינגעגאַנגען אין דער טיר אונטערן רויטן פאָר־האַנג און זיך פאַרשלאָסן.

וויפיל ס'האָט זי געקאָסט אָט די רויִקייט, ווי ווייט זי האָט אָנגעשטרענגט אירע נערוון, זיי זאָלן זי נישט פאַרראַטן, האָט מען געזען, ווען זי איז שפּעטער אַ ביסל אַרויסגעקומען פון שלאָפצימער — אינגאַנצן אָנגעטון, אַלץ נאָך אויסגעגלייכט, אָבער מיט איינגעפאַלענע באַקן און ווייטיקלעך אויסגעקרומטע ווייסע ליפּן.

שירווינסקי איז שוין פאַרשוווּנדן. וואַסיאַ איז, איינגראָבנ־דיק דעם קאָפּ אין דער קאַנאַפּע, אַלץ נאָך געשטאַנען אויף די קני און שטיל געכליפּעט.

זי איז, נישט אָפּשטעלנדיק זיך, דורכגעגאַנגען דורכן צי־מער. ווען זי איז שוין געווען ביי דער טיר פון פאָדערצימער, האָט זי דערהערט אַ פאַרשטיקטן קרעכץ.

כמעט אַ קינדיש, אָפּגעריסן און פאַרשטיקט קול האָט זי גערופן ביים נאָמען.

דערנאָך האָט זיך דערהערט אַ טרוקענער קנאַל, גלייך ווי די לופט וואָלט געפּלאַצט, און עפּעס אַ שווערס איז אַראָפּ־געפאַלן אויף דער פּאָדלאָגע.

אָלגאַ האָט אַלץ פאַרשטאַנען. זי האָט געוווּסט, אַז דאָרט, אונטער דער טיר, האָט זיך אָפּגעשפּילט די לעצטע סצענע פון דער שרעקלעכער קאָמעדיע, אַז וואַסיאַ איז געשטאָרבן. אָבער זי האָט זיך נישט אומגעדרייט און נישט אויפגעהערט צו גיין ווייטער. זי האָט געפילט, אַז איין איבעריקע אָנשטרענגונג — און זי וועט פאַלן חלשות.

זי האָט נאָך געהאַט כּוח אַראָפּצוגיין פון די טרעפּ, אַרויסגיין אויף דער שנייִקער טונקעלער גאַס און איינזיצן אין אַ שליטן — און באַלד האָט זי אַרומגענומען אַ זיסלעכע פינצ־טערניש, און זי האָט אויף אַ צייט אויפגעהערט צו זיין.

שפעט ביינאַכט, ווען אַלע זענען מידע, געשלאָפן אין זייערע צימערן, און נאָר די זייגערס האָבן געוואַכט – דער קיי־לעכדיקער אין אַ דעמבענעם קאַסטן אין עסצימער, דער בראָנ־זענער – אין גאַסטצימער, דער קליינער שוואַרצער ביי אַרקאַ־דיעס בעט און דער קליינער גאָלדענער – אין שלאָפצימער, ביי קסעניאַ איגנאַטיעווגאַ, וועלכע האָט אויך נישט גערוט און גע־פילט די דערנענטערונג פון אייביקן שלאָף, און מיט שרעק געציילט די מינוטן, טראַכטנדיק, וועלכע וועט זיין די לעצטע – שפעט ביינאַכט האָט אָלגאַ געהאַט אַ שווערן אומגעוויינלעכן חלום.

ס'האָט זיך איר געחלומט, אַז זי גייט באַגינען לענגאויס דער שמאָלער שטאָטישער גאַס. אין די זייטן שטייען הויכע הייזער, גראָע, איינטאָניקע מיט טונקעלע פענצטער.

זי גייט פאַמעלעך, אָבער ס'איז איר שווער צו עטעמען, ווייל די לופט איז אָנגעזאַפט מיט טשאַד און סאַדזע פון די קוימענס און שאַפט מיט זיך אַ געלן נעפל.

זי איז אָנגעטון אין אַ טייער, אָבער איינפאַך בלאָ קלייד, דער קאָפּ אַנטבלויזט, און די פיס – אין דינע לעטשלעך, דורך וועלכע זי פילט די פייכטקייט פונם אַספאַלט.

און זי גייט פון אַ ראַנדעוו מיט אַ מענטשן, וועלכן זי האָט נישט ליב, אָבער וועלכן זי מוז זיך אָפּגעבן; ס'דערוואַרט זי אויך אַ צווייטע ראַנדעוו, אָבער ווער דער צווייטער איז, ווייסט זי נישט. און פלוצים, אומגעריכט, ווי ס'געשעעט שטענ־דיק אין חלום דערזעט זי אין עק גאַס דאָס הייליקע בילד פון גאָטס מוטער מיט אַ פינצטער, שטרענג פנים, אָבער אָן דעם הייליקן קינד אויף די זילבערנע שוואַרצע הענט, אַ באַ־לויכטעגע מיט אַ גאָלדן קרענצל, און דאָס הייליקע בילד פאַר־שטעלט איר דעם וועג. ווי אַזוי דאָס בילד האַלט זיך אין מיטן גאַס – זעט אָלגאַ נישט, אָבער זי געדענקט שוין נישט,

חוהין זי איז געגאַנגען, און פרייד זיך, וואָס זי האָט געפונען דאָס בילד, וואָס זי זאָל האָבן שוין לאַנג געזוכט.

זי גייט צום בילד און וויל בעטן, אָבער אויפן וועג טרעפט זי אַ מענטש, דערנאָך אַ צווייטן, אַ דריטן, און אַלע שטערן זיי איר צו גיין, רעדן עפּעס, לאַכן, ווייזן איר אָן אַנ-דערע גאַסן און, דערצערנטע פון איר עקשנות, הויבן זיי אָן צו באַוואַרפן זי מיט שטיינער.

און דאָ געשעט עפּעס אַזוינס, וואָס פאַרוואונדערט אָלגאַן אַפילו אין חלום און מאַכט ציטערן איר נשמה פאַרן געשעע-נעם נס.

די געוואונדעטע אויף איר שטיינער באַרירן נישט איר קערפּער. נאָר פאַלן מיט אַן אָפּקלאַנג אין דער זילבערנער הילע פון דער הייליקער און צערייסנדיק זי, שניידן זיי זיך אַריין אין איר הייליקן געשטאַלט.

אָבער דאָס פינצטערע פּנים איז, ווי פריער, שטרענג, און אָלגאַס פּנים ווערט בלייך און, אַ דערשראָקענע, הויבט זי אָן צו לויפן...

דאָס קלאַפּן פון די שטיינער אָן דעם בילד, רופט זיך אָפּ אין איר מוח מיט אַ טעמפּן ווייטיק און וועקט זי אויף פון שלאָף...

אַרקאַדיע אין נאַכט-וועש, איז מיט אַ ליכט אין דער ציטערנדער האַנט געשטאַנען איבער דער שוועסטער.

זי האָט נישט געדאַרפט פרעגן, — זי האָט שוין געוווּסט וואָס עס איז געשען.

אין דיין קורצן לעבן
אַזויפיל האָסטו דורכגעלעבט,
אין פלאַם פון ליידנשאַפט
ווי שרעקלעך ביסטו דורכגעברענט.
פון אַ ווייטן חלום באַצויבערט
פון גייסטיקער פוסטקייט דערשיטערט
וואָס נאָך לעכצט דיין נשמה?
ווי די הייליקע מאַגדאַלענע ווײנסטו
און ווי אַ וואַסער-נימפע, לאַכסטו.

**באַראַטינסקי**

דאָס מאָל האָט דער קעניג דער־
קלערט טויט-שטראָף פאַר יעדן פּאָסטער,
וואָס וועט להבא פאַרנאַכלעסיקן די
דערציונג פון זיינע קינדער.

וויליע דע ליל אַדאַם
(דערווילדער זעגלער)

די ערשטע פּרעסט, ווי די ערשטע
אומגליקן אין לעבן, ווירקן צום שטאַרק-
סטען; זיי פאַרניכטן די בלעטער און
די האָפנונגען.

גוסטאַוו דרוננאָ: „איראָניע"

I

דזשאָן רעסקין האָט ערגעץ-ווו אַרויסגעזאָגט אַ גרויסן אמת, — אַז די גאַנצע אויפגאַבע פון דערציִונג — איז הייסן דעם מענטש נישט נאָר טון גוטס, נאָר אויך האָבן פאַרגעניגן דער-פון. נישט נאָר אַרבעטן, נאָר אויך ליב האָבן די אַרבעט.

אָלגאַ האָט קלאָר געפילט, אַז איר פעלט אַזאַ דערציִונג. און דאָס האָט זי צייטנווייז געבראַכט אין פאַרצווייפלונג.

זי האָט אין זיך נישט געפונען גאָרנישט, וואָס זאָל זי ציען צו אַרבעט, וואָס זאָל אינגאַנצן פאַרנעמען אירע געדאַנ-קען, אַז פאַרנעמענדיק זיך מיט עפּעס, זאָל זי זיך פילן באַ-פרידיקט, אַ ביטערער מוז, אַ מיטל צום לעבן (און לעבן אין ליידיקגיין — דאָס זענען פאַר איר געווען סינאָנימען) — אָט וואָס איז געווען פאַר איר יעדע אַרבעט, זי האָט געוווסט, אַז דאָס איז איר אומגליק, זי האָט אָבער נישט געקענט זיך איבער-דערציען. מען האָט זי אַזוי לאַנג אָפּגעהיטן פון אַרבעט, ביז זי האָט פיינט באַקומען די אַרבעט.

נאָך אין פינפטן, זעקסטן קלאַס האָט אָלגאַן געצויגן צו דער בינע. ס'האָט זיך איר געדאַכט, אַז דאָס איז איר באַרוף. פאַרשטייט זיך, אַז נישט דער פאָטער, נישט די מוטער, האָבן געוואָלט אפילו הערן דערפון.

אָבער דעמאָלט איז געווען אַזאַ מאָדע. אַלע חברטעס, אָלגעס האָבן זיך אין זייערע חלומות געזען אַלס אַרטיסטקעס. ווייניקע פון זיי האָבן געוווסט, אַז די בינע איז אַ שווערער

באַרוף, זיי האָבן געמיינט, אַז דאָס איז ליידיקגייעריי, וואָס ווערט גוט באַלוינט מיט דערפאָלג.

אין אַקטיאָרן, וואָס בייטן יעדן טאָג זייער פרצוף, און דירה, האָבן זיי געזען די פאַרקערפּערונג פונם פאַרביקן גליק, וואָס פּישופט אַזוי די יוגנט.

און אָט דער ווילן צו זיין עפּעס אין לעבן, אויסצוצייכענען זיך, געבן עפּעס פון זיך, אָבער אויף אַ לייכטן און גלענצנדן אופן, האָט אַ סך געשטויסן צו דער בינע.

אָלגאַ האָט געשטרעבט צו ווערן אַן אַרטיסטקע, אָבער דאָס איז שנעל פאָריבער. זי האָט באַלד געקענט געפונען די קאָמישע זייט פון יעדער שטרעבונג, און אַחוץ דעם איז עפּעס אַנדערש — שטרעבן, און עפּעס אַנדערש — דערגרייכן שטרעבונגען.

און דער איינציקער ציל, וואָס האָט זיך קוים אָנגעצייכנט אין אָלגאַס לעבן, איז צעשוומען געוואָרן, איבערבייטנדיק זיך אין אַן אומבאַשטימטן אומעט, אומקלאָרע האָפנונגען און צייטנווייז, ביטערע אַנטוישונג. וואָס דערוואַרטן? זי האָט נישט געוואוסט, אָבער די פאַרצווייפלונג האָט זי נאָך נישט באַהערשט, און זי האָט זיך געקלאַמערט אינם לעבן, ווייל זי האָט געפילט אין זיך כּוח אויף צו קעמפן.

ס'האָט זיך דערנענטערט דער סוף פון צווייטן חודש, זייט אָלגאַ איז אַוועקגעפאָרן פון איר געבורט-שטאָט קיין פּעטראָגראַד.

זי איז געלאָפן פון דאָרטן, ווי פון דער פּעסט, ווי מענטשן לויפן אין שווערע טעג פון זיך אַליין.

די מוטער איז געשטאָרבן, און מיט איר איז געשטאָרבן אַלץ וואָס ריין איז, אָלגאַ האָט אַפילו נישט געוויינט איבער איר קבר.

די מוטער האָט געמוזט שטאַרבן, נאָך דעם וואָס זי האָט איבערגעלעבט, נאָך דעם, ווי זי האָט זיך דערפילט איבעריק, אומבאַהאָלפן, איינזאַם. אַלץ האָט געמוזט איינפאַלן און אויף שטענדיק.

פאַרוואָס זי אַליין איז נישט שלאַף געוואָרן, פאַרוואָס זי

איז נישט געשטאָרבן – האָט אָלגאַ נישט געוווּסט, ניין, זי האָט אַפּילו אָפּגעגעבן די עקזאַמענס, און איז גלייך מיט אַנדערע געוועזן ביים פייערלעכן אַקט. מען האָט איר גראַטולירט מיטן ענדיקן די גימנאַזיע, און זי האָט אָנגענומען די גראַטולאַציעס מיט אַ שטילן שמייכל, אָן איבריקער פייערלעכקייט, ווי ס׳פּאַסט פאַר אַ טאָכטער, וואָס איז טריי איר מוטערס אָנדענקן.

עס האָט איר געקליידט דער טרויער – אָט די שוואַרצע געדיכטע קרעפּע, איבער וועלכער ס׳האָבן געדאַרפט פליסן שטומע טרערן. זי האָט געוווּסט, אַז זי איז שיין – אַ בלייכע און מאָגערע, זי האָט קלאָר געוווּסט און געפילט אויף זיך, אַזוי ווי פריער, די אויפמערקזאַמע בליקן פון מענער, זי האָט באַמערקט אַלץ, וואָס אַרום איר איז פאָרגעקומען, אָבער צוזאַמען דער־מיט איז איר נשמה, ווי אָפּגעשטאָרבן, אָדער ניין, זי האָט זיך געריסן ערגעץ, האָט אַרומגעשוועבט אין אומבאַקאַנטע וועלטן, און זיך נישט אומגעקערט. און זי וואָלט אַזוי געקענט לאַנג לעבן, ווו זי האָט געלעבט, מיט מענטשן, וואָס זענען איר איינצייטיק געוועזן נאָענט און פרעמד, ווייל איר איז געוועזן אַלץ איינס. איר האָט זיך געדאַכט, אַז איר לעבנס־וועג איז שוין פאַרענדיקט, און דאָס ווייטערע איז אָן באַדייטונג נישט וויכ־טיק און האָט צו איר קיין שום שייכות נישט.

שירווינסקי איז אַוועקגעפאָרן און מער נישט צוריקגעקומען, אָלגאַ האָט פון אים איינמאָל באַקומען אַ בריוו, אָבער, נישט איבערלייענענדיק האָט זי אים צעריסן. דאָס פּאַפּיר, אויף וועלכן ס׳איז געווען געשריבן דער בריוו, האָט זי געעקלט, און זי האָט זיך לאַנג דערנאָך געוואַשן די הענט; דער מענטש ווידער, וואָס האָט געשריבן דעם בריוו, איז פאַר איר געווען פרעמד, כמעט אומבאַקאַנט.

נאָר טיילמאָל פלעגט זי זיך באַפרייען פון איר חלומן אויף דער וואַך, דעמאָלט ווען זי פלעגט זיך צופעליק דער־מאָנען אָן וואַסיאַס פּנים. זי האָט וועגן אים נישט געטראַכט, ס׳פלעגן אָבער זיין מינוטן, ווען עפּעס אַ וואָרט אָן באַדייטונג, אָדער אַ זונען־שטראַל, וואָס האָט זיך אַ גליטש געטון איבער

דער פּאָדלאָגע, האָבן אַרויסגערופן פאַר איר דאָס איבערגעלעבטע בילד, און דעמאָלט האָט אָלגאַ אָנגעהויבן צו דערפילן אין זיך די נשמה, וואָס האָט געווייטיקט, אין אַזעלכע מינוטן האָט זי ווידער אויפגעלעבט בכדי אויפסניי צו ליידן.

קיינער האָט זי מער נישט גערופן צום לעבן. נישט דער פאָטער, וואָס איז געוואָרן אַלט און קאַפּריזנע, נישט דער ברו-דער, נישט די חברטעס. זי האָט נישט געהאַט קיין ווערטער פאַר זיי. זי האָט פשוט נישט געהאַט וואָס צו רעדן מיט זיי. מאַניאַ, וואַריאַ, לענאַ ראַיסאַ... מאַניאַן האָט שוין זשאָרזשיק אַוועקגעוואָרפן, זי האָט געוויינט און יעדערן דערציילט וועגן איר אומגליק, דערנאָך האָט זי פונקט אַזוי איבערגעגעבן און בלינד ליב באַקומען אַ צווייטן, און האָט פונקט אַזוי ווי פריער געלאַכט און געשפּריצט זיך מיט אָלגאַס אָדעקאָלאָן. און וואַריאַ האָט כסדר געטרוימט וועגן מוטערשאַפט, אָבער מורא האָבנדיק צו פאַרלירן אַרקאַדיעס ליבע האָט זי געטון אַלץ, וואָס ער האָט געוואָלט. גאָט מיינער, ווי גוט באַקאַנט דאָס איז געווען פאַר אָלגאַן, און ווי בולט האָט זי געזען די צוקונפט פון אָט די מענטשן. זייער גאַנץ לעבן איז פאַר איר אַדורכגעגאַנגען, ווי אויפן עקראַן, ווייל זי האָט שוין נישט געלעבט מיט זיי, נישט געהאַט קיין שום געמיינזאַמעס מיט זיי, און אויך נישט געהאַט איר אייגן לעבן.

נישט איינמאָל האָט אָלגאַ גענומען דעם ברודערס רע-וואָלווער, צוגעלייגט אים צו דער שלייף, ווען לנדיק איבערלעבן די שרעק פאַרן טויט, אָט דעם אימהדיקן ציטער, וואָס עס פילט יעדער מענטש, אַפילו ווען ער איז צוגעבונדן צום לעבן נאָר מיט ליידן.

אָבער די שרעק איז נישט געקומען, ס'האָט זיך קוים אַ ריר געטון די נייגעריקייט: און וואָס וועט זיין ווייטער? און באַלד האָט זיך ווידער געטראַכט: איז דען נישט אַלץ איינס—לעבן אָדער נישט לעבן? און אָלגאַ האָט רויק אַוועקגע-לייגט דעם רעוואָלווער, ווייל דערשיסן זיך קען מען נאָר דאַן, ווען מען האָט שטאַרק פיינט דאָס לעבן.

וואָס האָט זי געטון גאַנצע טעג? גאָרנישט, זי איז גע־גאַנגען, געזעצן, געהערט... און וועגן גאָרנישט געטראַכט, פאַר די זייטיקע האָט זי אויסגעזעצן אַ גלייכגילטיקער, רויקער, פוילער, מענטש.

די חברטעס האָבן זי נישט דערקענט, דער פאָטער האָט זי געזידלט פאַרן ליידיקגיין און פאַר דער אומאָרדנונג אין שטוב. מען האָט איינגעפונען. אַז זי איז געוואָרן אָפּגעלאָזט, און נאַרישער... איז דען נישט אַלץ איינס? אַזוי האָבן זיך געצויגן שעה'ן, טעג, וואָכן.

און פּלוצים האָט זי זיך אויפגעכאַפּט, אינגאַנצן אויפגע־כאַפּט ברייט געעפענט די אויגן, זיך דערשראָקן, זיך אָנגע־הויבן איילן, געמאַכט אַ שרעקלעכע אָנשטרענגונג — און זיך אומגעקערט צום לעבן.

דאָס איז געשען מיט איר אין אַ געוויסן העלן זומער־אָוונט, אין איינעם פון יענע אָוונטן, וואָס נישט ווילנדיק גליסט זיך אַוועקצוגיין אין די צעגאָסענע אַרום, שטילקייט פון רַיחות, אינגאַנצן פאַרגעסן זיך, די אייגענע געדאַנקען; ס'ווילט זיך צוזאַמענצוגיסן מיט אָט די בלאָע, גרינע, געלע פאַרבן פונם זונען־אונטערגאַנג.

זי איז געפאָרן אויף אַ ראָוער. זי איז לאַנג געפאָרן, מיד געוואָרן און זיך צוגעלייגט אויפן „נאַסיפּ" פון דער באַן־ליניע.

די שטאָט איז געווען ווייט, איר געהויש האָט נישט דערגרייכט צו דער שטילקייט פון די פעלדער, און קיין מענטשן האָט מען אויך נישט געזען, נאָר גרויסע שטחים מיט כוואַליעס קאָרן, פרייליכע וועלדלעך און אַ שטויביקער וועג, וואָס האָט זיך געשלענגלט לענג אויס דער באַן־ליניע.

אָלגאַ איז געלעגן אויפן גראָז, מיטן פּנים צום הימל, פאַרלייגנדיק די הענט אונטערן קאָפּ, ווי געוויינלעך, פון גאָר־נישט געטראַכט, צוגעהערט זיך צום זשומען פון די פליגן, צום סווישטשן פון די פויגל, צום אומאויפהערלעכן גערויש פון די טעלעגראַפן־סלופּעס.

מינוטן זענען געשווימען נאָך מינוטן, און מיט זיי צו־זאַמען, זענען אַוועקגעשווימען די ווייסע וואָלקנס אויפן הימל, בכדי אַוועקגייענדיק צום זונען־אונטערגאַנג, זיך אָנצינדן מיט אַ רויטן פלאַם און זיך צעגיין.

אָלגאַ האָט זיך דאָ געקענט אומגעשטערט, אָפּגעבן אירע נישט געדענקטע געדאַנקען, און דאָ האָט זי זיך געפּילט ווייני־קער איינזאַם, ווי דאָרט צווישן מענטשן.

פּלוצים האָט עפּעס אָנגעהויבן רוישן פון דערווייטנס, דער „נאַסיפּ" האָט אַ ציטער געטון. אָלגאַ האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, דאָס גערויש האָט זיך דערנענטערט: ס'איז געגאַנגען אַ צוג, וועלכן מען האָט נאָך נישט אָנגעזען. דאַן איז אָלגאַ אַרויפגעקלעטערט אויפן סאַמע שפּיץ פון „נאַסיפּ" און אָנגע־הויבן וואַרטן.

זי האָט ליב געהאַט שטייענדיק אויף די שינעס, צו קוקן אויף דער אָנקומענדער חיה.

ס'האָבן זיך באַוויזן צוויי געלע אויגן. דאָס גערוישן איז איבערגעגאַנגען אין אַ גלייכמעסיקן קלאַפּן, וואָס האָט זיך אי־בערגעחזרט דורכן עכאָ.

אָלגאַ האָט געפּרובט טרעפן, ווי לאַנג זי וועט קענען שטיין אויף די שינעס.

אַ שמייכל האָט זיך באַוויזן אויפן פּנים, די ברוסט האָט זיך העכער געהויבן, דער ווינט האָט צעבלאָזן די שאַרפּעס פון איר קלייד. ווי אַ פּאָן. ס'האָט זיך דערמאָנט אַננאַ קאַרע־ניגאַ, איר פּנים, אַזאַ מילדס און היימישס, כמעט אַ קנאָהדיק געפיל האָט זיך דערוועקט אין איר.

ענדלעך האָבן זיך די פיס אַליין אָפּגערוקט פון די שי־נעס. דער לאָקאָמאָטיוו איז אַדורך אַרומגעמענדיק זי מיט אַ פּאַרע — דאָס האָט געדוויערט איין אויגנבליק; דערנאָך האָבן אָנגעהויבן דורכצופליען די וואַגאָנעס — אַ חָלול, אַ טונקלער פלעק און ווידער אַ חָלול...

דורך די אָפּענע פענצטער האָבן אַרויסגעשטאַרט קעפּ, וואָס האָבן זיך געשאָקלט צו אָלגאַן, הענט האָבן געפּאָכעט

מיט טופּעלעך. אַ יונגער סטודענט, האָט שטייענדיק אויף די טרעפּלעך, געשיקט לופט-קושן.

דערנאָך האָט אַדורכגעשוועבט דער לעצטער וואַגאָן מיטן בערדיקן קאָנדוקטאָר, און קייגנאיבער האָט זיך באַוויזן דאָס באַקענטע ווערדל.

אָלגאַ איז געשטאַנען מיט אַ שטאַרק קלאַפּנדיק האַרץ, מיט אויגן פול מיט טרערן. זי האָט געוואָלט שרייען פאַר ווייטאָק, פאַר שרעק, פאַר אומעט.

פאַר איר האָט ווי דעמאָלט, אַ שוועב געטון און פאַרשווונדן געוואָרן דאָס ווייטע בילד פון יענעם אומבאַקענטן, טייערן און נאָנטן. זיינע טונקעלע אויגן האָבן געקוקט אויף איר. ווו זשע איז ער ענדלעך, איר ליכטיקער גאָט, איר ליבע?... ווי שרעקלעך ווייט ער איז איצט פון איר.

איצט האָט זי געוואָלט שטאַרבן, אַוועקגיין, פאַרשווונדן ווערן פון אָט דער וועלט. איצט האָט זי פיינט געהאַט און ליב געהאַט דאָס לעבן מער, ווי ווען ס'איז פריער.

---

II

אין אָנהויב הערבסט איז זי אַוועקגעפאָרן קיין פּעטאָגראַד, ווייל לענגער האָט זי נישט געקענט דאָ פאַרבלייבן, זי האָט נישט געקענט זען די קרומע גאַסן, אָפּגעקראָכענע הייזער, דעם וואָקזאַל, די גימנאַזיסטן און גימנאַזיסטקעס מיט זייערע אייביק איינטאָניקע ליבע-געשיכטעס; זי האָט נישט געקענט אָן עקל קומען אין באַרירונג מיט אַלע זאַכן, וואָס האָבן זי פריער אַרומגערינגלט, רעדן מיט מענטשן, וואָס זענען איר אַמאָל נאָנט געווען. ווי נאָר ס'האָט ביי איר אויפגעוואַכט דאָס לעבן, האָט זי געמאַכט די גרעסטע אָנשטרענגונגען, בכדי אָפּצוטרייסלען פון זיך די פאַרגאַנגנהייט, וואָס האָט פון אַלע זייטן געקלעבט צו איר אין דער שטאָט — אין די דערינערונגען פון די חברטעס

אין דער מוזיק פון בולוואַר, אין יעדער קלייניקייט פון איר ביסלעכווייז איינגעפאַלענער פאַמיליען־נעסט.

די מוטער איז געשטאָרבן, אָבער איר צימער איז פאַר־בליבן ווי געוועזן, באַדעקט מיט שטויב און נישט אויפגערוימט; דער ברודער איז אַוועקגעפאָרן, אָבער די ליולקע, דאָס ביכל, וואָס זענען געלעגן אויפן טיש, די שטיוול, וואָס זענען טרויעריג געשטאַנען אין ווינקעל – אַלץ האָט דערציילט וועגן אים. די צימערן האָט מען גאַנצע וואָכן נישט אויסגעקערט; דער אַל־טער אָרג האָט אָפט נישט געגעכטיקט אין דערהיים.

אָלגאַ האָט אַפילו נישט געוווסט, צי דער פאָטער בענקט. זיי האָבן קיין איינמאָל, נאָך קסעניאַ איגנאַטיעוונאַס טויט נישט גערעדט וועגן איר. נאָר איינמאָל האָט דער פאָטער איר אַ זאָג געטון:

– דו וואָלסט דורכגעקוקט, וואָס איז איבערגעבליבן נאָך דער מאַמען, מען וועט דאָך עס צעשלעפן...

אָלגאַ האָט אויף זיכער געוווסט, אַז דער אַלטער שפּילט אַ סך אין קאָרטן און פאַרשפּילט, ווייל ער איז געוואָרן קאַרג אויף די שטוביקע הוצאות און כּמעט יעדן אָוונט האָט ער זיך געקריגט מיט דער קעכין צוליב די רעכנונגען.

אַזוי איז אַלץ געגאַנגען צו גרונט. דעמאָלט האָט אָלגאַ באַשלאָסן אַוועקצופאָרן קיין פּעטאָגראַד. זי האָט זיך שוין גע־פונען אַ באַגלייטערן – ראַסאַן, וועלכע האָט, צונויפזאַמלנדיק עפּעס גראָשענס און, באַוואָרנענדיק זיך מיט אַ פינפאונצוואַנציק רובלדיקער הודשליכער שטיצע פון די עלטערן, זיך געקליבן אַריינצוטרעטן אין קאָנסערוואַטאָריע. ס׳איז נאָר אָפּהענגיק גע־ווען פונם פאָטערס הסכמה, ווייל מען האָט דאָך געמוזט האָבן פון וואָס צו לעבן.

אָבער אָלגאַס ווילן איז דאָס מאָל געווען אַזוי שטאַרק, אַז קיין שום זאַך האָט זי נישט געקענט אָפּשטעלן, זי איז געוואָרן ענערגיש און איינגעשפּאַרט.

אין אָנהויב האָט דער פאָטער נישט געוואָלט אַפילו הערן דערפון, אָבער שפּעטער איז אונטערגעקומען אַ גינסטיקע געלעגנהייט.

אָלגאַ האָט דאָס געלעגנהייט אויסגענוצט, נישט פאַרטראַכטנדיק זיך, כאָטש פריער וואָלט זי קיינמאָל נישט איינגעגאַנגען אויף אַזאַ קאָמפּראָמיס. ס'איז געווען אַ קיצלנדיקער ענין.

וויטאַלי אַווגוסטאָוויטש, (אָלגאַ האָט שוין פריער געוווּסט דערפון) האָט נאָך לאַנג פאַר קסעניאַ איגנאַטיעוונאַס טויט, אָנגעקניפּט געגנוג שטאַרקע באַציִונגען מיט אַ געוויסער קליינבירגערין. די פרוי איז געווען אַ שיינע, אַ געזונטע, אַן אמתע „באַי-באַבאַ", און דאַכט זיך שטאַרק געהאַלטן דעם אַלטן, ווייל יענער האָט שטיפנדיק אַפילו אַ ביסל אין דער זייט, קיינמאָל נישט איבערגעריסן מיט איר. די דאָזיקע פרוי האָט אָלגאַ איצט אָפט געזען אין זייער הויז.

גלייכגילטיק צו אַלעמען, האָט אָלגאַ נישט געלייגט קיין אַכט אויף איר. איינמאָל האָט זי איר אַפילו עפּעס געפרעגט, ווען יענע איז איר אונטערגעקומען. די פרוי (געהויפן האָט מען זי קלעאָפּאַטראַ איוואַנאָוונאַ) פלעגט זיך צו אָלגאַן גרוסן מיט דרך-ארץ, און קענטיק זיך באַמיט צו געפעלן דער פריילין.

פאַרשטייט זיך, אַז זי האָט נישט געוווינט אין הויז און פלעגט נאָר אַריינקומען, אָבער ס'איז געווען צו זען, אַז אין קורצן וועט זי זיך אינגאַנצן איבערציִען. מען האָט נאָר מורא געהאַט פאַר אָלגאַן.

און ס'וואָלט זיך אַזוי שטילערהייט געווען איינגעאָרדנט, איז אָבער געקומען דער דערמאָנטער אָוונט, אָלגאַ האָט אויפגעלעבט און אָנגעהויבן קעמפן פאַרן לעבן, פאַר איר גליק. מען האָט נישט געטאָרט קיין שום געלעגנהייט דורכלאָזן. זי איז געגאַנגען צום פאָטער און האָט אים געזאָגט:

— מאָרגן וועסטו מיר געבן אויף הוצאות און וועסט מיר יעדן חודש שיקן פופציק רובל, און אַליין וועסטו זיך איינאָרדנען, ווי דו וועסט וועלן.

דער אַלטער האָט אין אָנהויב געמאַכט אַן אָנשטעל, אַז ער פאַרשטייט נישט און זיך אַפילו באַליידיקט, אָבער אָלגאַ האָט אים באַלד אויפגעעפנט די קאָרטן, זי האָט געוווּסט אויף וואָס צו שפילן.

— שווייג, טאַטע, דו פאַרשטייסט אויסגעצייכנט אין וואָס ס'האַנדלט זיך. מיך וועסטו אָפּלאָזן קיין פּעטראָגראַד און זיך וועסטו איבערלאָזן קלעאָפּאַטראַ איוואַנאָוונאַן. פאַר דיר איז בע־סער. אַנדערש וועט איר פוס דאָ נישט זיין. — הערסט?

וויטאַלי אַווגוסטאָוויטש האָט געפּרוווט זיך אַקעגנשטעלן.

— דאַכט זיך, אַז איך בין באַלעבאָס! כ'בעט מיך נישט צו לערנען און נישט צו טענהן.

דעמאָלט איז אָלגאַ צוגעגאַנגען צום פאָטער, אַרויפגעלייגט די האַנט אויף זיין אַקסל און אים אַריינגעקוקט אין די אויגן.

דער אַלטער האָט זיך איינגעקאָרטשעט ער האָט פון דער־פאַרונג געוווּסט, אַז מיט דער טאָכטער איז נישט אַזוי לייכט צו קעמפן — זי האָט שטענדיק געטון, וואָס זי האָט געוואָלט, און פאַר קיין סקאַנדאַל וועט זי זיך נישט אָפּשטעלן. אַ חוץ דעם האָט ער די לעצטע צייט זיך געפילט זייער שוואַך, דער־שלאָגן: ער האָט געפילט, אַז אַלץ גייט צו גרונט און ס'דער־נענטערט זיך די איינזאַמע שוואַכע עלטער; אַז די קינדער וועלן אַוועקגיין פון אים, האָבן אים נישט ליב; אַז ער איז געוואָרן אַ שלעכטער פאָטער און ער קען נישט דערוואַרטן פון זיי קיין שום פאַרגעבונג און מיטגעפיל. אָט די געדאַנקען האָבן אים געשטויסן זיך שטאַרקער צו קלאַמערן אָן קלעאָפּאַטראַ אי־וואַנאָוונאַן, אַ פרוי אַן אויסגערעכנטע, אַ באַלעבאָסטע, ביי וועל־כער ער וועט געפינען, אויב נישט קיין גליק, טאָ כאָטש רו און זאָרגפעלטיקייט. די קינדער זענען אים געוואָרן פרעמד, אומפאַרשטענדלעך, פיינטלעך; ער האָט געפילט אויף זיך זייער איראָנישן בליק, און מורא געהאַט פאַר זיי. זיין גאַנץ לעבן איז געווען פאַרקריפּלט אומגעלומפּערט, האָט זיך אים אויף דער עלטער געוואָלט אָנוואַרעמען ביי אַ געזונטן קערפּער. די פרוי האָט אים קיינמאָל נישט געגעבן אָט די עמאָציע פון געזונט־קייט און שטאַרקייט. ביידע צעבראָכענע האָבן זיי געפייניקט איינער דעם צווייטן. סיי אין די טעג פון ליבע, און סיי אין די יאָרן פון גלייכגילטיקייט. אַ זון פון אַ קליינעם אַרענדאַר, האָט ער זיך מיט מי דורכגעשטופּט אין אוניווערזיטעט און

פון דאָרט אין דער געריכטלעכער ביוראָקראַטישער ספערע, חתונה געהאַט מיט אַ מיידל פון אַ פּריצישער פאַמיליע און אומבאַמערקט פאַר זיך אַראָפּ פון גלייכן וועג און פאַרפּלאָנטערט זיך. ער האָט געהאַט גראָבע פּראָסטע אינסטינקטן, וואָס זענען, אָנשטויסנדיק זיך יעדעס מאָל מיט פיינערע איבערלעבונגען, גאָך אָפּשטויסנדער, נאָך קרענקלעכער געוואָרן, ווייל זיי האָבן נישט געהאַט די מעגלעכקייט זיך אויסצולעבן. ער איז שטענ-דיק געווען אין דער לאַגע פון אַ מענטש, וועלכער איז צוגע-ווינט צו בראָנפן און מוז זיך אָנשיכּורן מיט שאַמפּאַניער. ער האָט זיך געגוויטיקט אין קלעאָפּאַטראַ איוואַנאָוונאַן, ער האָט גע-ווּסט, אַז אָן איר וועט ער אינגאַנצן פאַרפאַלן ווערן, ווייל ער איז שוין נישט בכּוח געווען איינצוהאַלטן זיינע אינסטינקטן.

אָלגאַ האָט דאָס אַלץ פאַרשטאַנען, אויב נישט מיטן שכל, איז מיט דער אינטואיציע פון אַ פרוי, און זי האָט זיך נישט טועה געווען אין איר אויסרעכנונג.

דער אַלטער האָט אָפּגעטרעטן און מסכּים געווען אויף אַלעמען, נאָר מיט איין באַדינג, אַז ער וועט העלפן לויט זיינע מעגלעכקייטן. אָבער אָלגאַ האָט גאָרנישט געטראַכט זיך מיט אים צו דינגען, זי איז געווען מיט דעם צופרידן.

---

III

די ערשטע טעג אין פּעטראָגראַד זענען אַדורך אומבאַ-מערקט. דאָ אַהין, דאָ אַהער. זיי זענען נישט געגאַנגען ספּע-ציעל באַזוכן געוויסע ערטער, נאָר פּשוט געבלאָנדזשעט אין שטאָט, ביידע פרעמדע, ביידע נייגעריקע. זיי זענען פאַרטויבט געוואָרן פונם רעש פונם שטיפּעניש פונם אַרבעטנדיקן און ליי-דיקגייענדיקן המון, איבעראַשט געוואָרן פון די שוי-פענצטער, אָבער די שטאָט אַן און פאַר זיך האָט זיי די ערשטע צייט אַנטוישט, זיי האָבן זיך דאָס אַלץ פאָרגעשטעלט שענער אימ-פּאָזאַנטער און דער עיקר נישט אַזוי שמוציק, נאָר ביסלעכוויין

אַ טאָג נאָך אַ טאָג האָט פעטראָגראַד געוויזן אָלגאַן אַלץ נייע און נייע הערלעכקייטן, ביז זי האָט אַזוי ליב באַקומען אָט די קאַלטע נעפּלדיקע שטאָט, אַז זי האָט זיך נישט פאַרגעשטעלט צו לעבן ערגעץ אַנדערש. פּעטראָגראַד פאַרמאָגט שוין אין זיך עפּעס אַזוינס וואָס ציט אַריין, אַזוי ווי שווערע פוילע קרענק, און לאָזט נישט אָפּ, ביז זי זויגט אויס דעם לעצטן טראָפּן בלוט.

גלייך פון וואָקזאַל, איבערלאָזנדיק דאָרט די זאַכן, בכדי נישט צו צאָלן פאַר אַ האָטעל, האָבן די חברטעס זיך געלאָזט זוכן אַ צימער און אָנלויפנדיק זיך ביזן אָוונט, האָבן זיי ענדלעך געפונען אַ מקום־מנוחה ערגעץ אין דער געגנט פון דער גאַזאָווע און אָרדינאַרנע גאַס.

דאָס צימער איז זיי זייער געפעלן, ס׳איז אויך געפעלן די באַלעבאָסטע, וועלכע האָט באַלד אין די מיידלעך דערקענט פּראָווינצערינס און דאָך עס נישט אויסגענוצט און אָנגעבאָטן אַ מעסיקן פּרייז. די איינריכטונג פון צימער האָט די חברטעס אויסגעזען אַזוי עלעגאַנט אַז זיי האָבן געפּאַטשט אין די הענט און ראַיסאַ האָט, איידער זי איז אַוועקגעגאַנגען, זיך געזעצט נאָך דער ריי אויף אַלע שטולן, וואָס זענען געווען געבעט מיט גרינער צעראַטע, און האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין אַלע דריי שפּיגלען, וואָס זענען געהאָנגען אויף די ווענט צוזאַמען מיט פאַרשידענע אייל־בילדער, וועלכע ס׳האָט,—ווי ס׳האָט זיך שפּע־טער אַרויסגעוויזן—געצייכנט דער פאַרשטאָרבענער זון פון דער באַלעבאָסטע.

אָפּלויבנדיק סיי די גרויס פון צימער סיי דאָס מעבל, סיי די בילדער פונם פאַרשטאָרבענעם יונגנמאַן, אויסשרייענדיק עטליכע מאָל גאָרנישט דיפּלאָמאַטיש: „אַך! ווי ביליק״ זענען די חברטעס גלייך געפאָרן צום וואָקזאַל נאָך די זאַכן, און צען אַזייגער אין אָוונט זענען זיי שוין געזעסן אין קיך, ביי דער באַלעבאָסטע, וואָס האָט זיי מכבד געווען מיט קאַווע מיט צי־קאָריע, פאַרוויסט מיט בלאָלעכער מילך.

די באַלעבאָסטע, אַ דיקע, אַ שווערע, אַ ווייסע, אָבער

אָן פאַרבן אויף די קיילעכדיקע באַקן, האָט באַלד צוגענומען ביי די נייע לאָקאַטאָרקעס זייערע פּאַספּאָרטן, אויסגעפרעגט זיי, ווער זיי זענען און פונוואַנען, וואָס האָבן זיי בדעה צו טון, און צי זיי האָבן באַקאַנטע קאַוואַליערן און דערנאָך גע־פינען פאַר נויטיק צו דערציילן עפּעס פון זיך.

צום סוף האָט זי זיי אָנגעוויזן אַ ביליקע קיך, געגעבן אַ וועלט עצות און, צעגעגענענדיק זיך ענדלעך, האָט זי זיך איבערגעצלמט דאָס מויל און געהייסן אירע נייע פריינדינס גיין שלאָפן.

און אַזוי, דאַכט זיך גליקלעך, האָט זיך אָנגעהויבן אָל־גאַס נייע לעבן אין פּעטראָגראַד.

ביי איר אומפּעיקייט אויסצורעכנען, האָט זיך אָלגאַן אויסגעוויזן, אַז געלט האָט זי נאָך צופּיל און ס'וועט קלעקן אויף אַ לאַנגע צייט. דעריבער האָט זי זיך נישט געקווענקלט, און כמעט נישט געטראַכט וועגן דעם, אַז זי מוז זיך אָפּזוכן עפּעס אַ באַשעפטיקונג. נאָר ביינאַכט, ווען זי האָט זיך געלייגט שלאָפן, האָט זי געטראַכט דערפון, אין דער פרי אָבער האָט זי פאַרגעסן, אַ פאַרנומענע מיטן לויפן איבער דער שטאָט און איבעררראַשט דערמיט, וואָס זי איז ענדלעך פריי און אַלץ אַרום איר איז ניי.

ראַיסאַ איז אויך דערווייל געווען פריי, ווייל אין קאָנ־סערוואַטאָריע האָט מען נאָך נישט געלערנט; זייענדיק צוגע־וווינט פון קינדווייז אָן זיך צו קווענקלן אין אַלעמען, האָט זי גע־שפּאָרט, אָלגאַ האָט דעריבער גענומען אויף זיך אַלע אויסגאַבן אויף פאַרווייליונגען און נאַשעריי. דאָס געלט איז געשוווּמען און אָלגאַ, זעענדיק, אַז ס'ווערט אַלעמאָל ווייניקער, האָט זיך געטרייסט, אַז מיט דער צייט וועט זי זיך אויסלערנען זיין עקאָנאָמיש.

אָפּטמאָל, אָפּגעמאַטערט פונם לויפן אַ גאַנצן טאָג (פאַר זיין וואָך האָבן זיי שוין געקענט גאַנץ פּעטראָגראַד) זענען די ביידלעך געגאַנגען אין קינאָ, ווו ס'האָט געשפּילט אויף פידל דער באַלעבאָסטעס מאַן, און זיי האָבן דעריבער באַקומען

הַנָדָה-בילעטן. דאָס פּאָלקס-הויז איז שוין געווען פאַר זיי אַ צוּ־טייער פאַרגעניגן. און וועגן „מאַרייַנקע״ האָבן זיי נאָר גע־טרוימט, וואַרטנדיק אומגעדולדיק אויף דעם טאָג, ווען קיין פּעטראָגראַד וועט קומען ראַיסאַס קוזין, אַ סטודענט פון ערשטן קורס, און וועט האָבן דיזשור ביי דער קאַסע.

דאָס ביליקע פאַרגעניגן — קינאָ, איז אינגיכן געוואָרן נישט אַזוי ביליק, ווייל די געווינשאַפט צו זיצן צוויי שעה פאַרן עקראַן, איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מין שכּרות — די מייד־לעך האָבן בשום-אופן נישט געקענט איינזיצן אין שטוב, ס'האָט עפּעס געפעלט, ווען מען איז אַמאָל נישט געגאַנגען.

אַפילו די באַלעבאָסטע האָט אָנגעהויבן זיך צו וווּנדערן, און ענדלעך האָט זי נישט אויף קיין געלעכטער גענומען איי־פערן צום מאַן. מיט איר פּשוט ליבנדיק האַרץ, האָט זי גע־טראַכט, אַז איר קליינער דאַרער אַלטיטשקער קען נאָך געפעלן.

אָלגאַ און ראַיסאַ, וועלכע האָבן זיך פאַרשטאַנען אויף דעם, האָבן אַלעמאָל פאַרטשעפעט מיטן אַלטיטשקן, הויך גע־לאַכט, ווען ער האָט זיך מיט עפּעס געווענדעט צו זיי און כלומרשט פאַרשעמטע, זיך באַהאַלטן ביי זיך אין צימער, ווען די אומרויקע באַלעבאָסטע איז אַרויסגעקומען. ס'איז זיי אָנגע־נעם געווען צו הערן, ווי דאָס ווייב האָט שפּעטער געזידלט דעם, גאָט די נְשָמָה שולדיקן, מאַן.

זיי פלעגן זיך לייגן שלאָפן מידע; דערציילנדיק עפּעס איינע דער צווייטער זענען זיי אומבאַמערקט איינגעשלאָפן.

אָלגאַ האָט זיך נאָך קיינמאָל נישט געפילט אַזוי מונטער און רויק, ווי אין די דאָזיקע טעג, אין דער צייט, ווען אונ־טער איר טיר זענען געשטאַנען אָרימקייט און נייע ליידן.

IV

ענדלעך איז געקומען דער לאַנג דערוואַרטעטער סטודענט סעריאָזשאַ, ראַיסאַס קוזין. זיין קומען איז געווען נאָך מער

געווינטשן, ווייל צו יענער צייט איז אָלגאַן אינגאַנצן אויסגע-גאַנגען דאָס געלט, ביזן אָנקומען פון אַנדער געלט, איז נאָך ווייט געווען (ס'האָט אויך אינגאַנצן געקענט נישט אָנקומען – קליינע האָפנונגען האָט מען געקענט לייגן אויפן פאָטער). ראַיסאַ האָט פון אירע 50 קאָפּיקעס זיך אַפילו געטיילט מיט אָלגאַן, אָבער זאַט האָט מען דערפון נישט געקענט ווערן. די מיידלעך זענען געוואָרן אויסגעמאָגערט, אויסגעבלייכט, זיי האָבן זיך אָבער נישט אונטערגעגעבן.

סעראָזשאַ איז געקומען צו די חברטעס אין אָוונט אומ-געריכט, כאָטש מען האָט אים שוין לאַנג דערוואַרט; ער האָט געברענגט אַ פּאַק מיט גרוסן און דער עיקר – אַ פּעקל מיט פאַרשידענע גוטע זאַכן פון ראַיסאַס זאָרגפעלטיקער מוטער. אַחוץ דעם האָט זי געשריבן, אַז דער פאָטער וועט אין קורצן שיקן אויף אַ פּעלץ, דערווייל אָבער שיקט זי דער טאָכטער בשתיקה אויף „פּיאַנינאַ“ צען רובל פון די שטוביקע הוצאות.

אָלגאַ האָט זיך געפרייד נישט ווייניקער פון ראַיסאַן – קיין קנאָהניצע איז זי קיינמאָל נישט געווען, און דער הונגער האָט זיינס געטון, און ס'איז גאָר קיין צייט נישט געווען צו טראַכטן, ווען אויפן טיש איז געלעגן אַזוי פיל געשמאַקע זאַכן.

ראַיסאַ איז גלייך געלאָפן הייסן שטעלן דעם סאַמאָוואַר, און אָלגאַ האָט אָנגעהויבן גרייטן צום טיש.

סעראָזשאַ איז געזעסן שווייגנדיק, געקוקט אויף אָלגאַן און געדרייט אין די הענט אַ פּאַפּיראָס נאָכן צווייטן. ער האָט זיך גע-שעמט, פילנדיק זיך נאָך פאַר אַ יונגל, באַלד אָבער האָט ער זיך דערמאָנט, אַז אויפן בלאָען העמד טראָגט ער שוין אַ סטו-דענטיש רעקל און זיך באַמיט צו זיין דרייסט. דאָס האָט זיך אים שלעכט איינגעגעבן, ווייל פון דער נאַטור איז ער געווען אַ וווּיל, באַשיידן יונגל, און זיין גאַנצע דרייסטקייט איז באַ-שטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט איבערגעטריבן אַ סך געראַכערט און פאַרלייגט אַ פוס אויף אַ פוס. ווען אָלגאַ האָט אויף אים אַ קוק געטון, איז ער אויגנבליקלעך רויט געוואָרן און אָנגע-הויבן צו רייסן זיינע קוים אָנזעענבאַרע וואָנסעס.

סעראָזשאַ האָט אָלגאַן פריער כמעט נישט געקענט, כאָטש ער האָט געוווינט אין איין שטאָט מיט איר, זיך געלערנט אין איין גימנאַזיע מיט וואַסיאַן און איז געווען ראַיסאַס אַ קרוב.

דאָס איז געווען דערפאַר, וואָס סעראָזשאַ האָט אין גימנאַזיע אָנגעהערט צו אַן ענגן, פאַרשלאָסענעם קרייז, וואָס האָט האָבנדיק פאַר זיך הויכע און גרויסע צילן, זיך באַצויגן מיט חשד צו יענע מענטשן, וועלכע זענען נישט געווען פון זייער ספערע. מיט אַזעלכע האָט מען זיך נישט באַקענט, און נישט געפירט קיין שום שמועסן, אויב מען איז צופעליק באַקאַנט געווען, מען האָט זיי פשוט איגנאָרירט.

אָלגאַ איז פאַררעכנט געווען צווישן די, וועלכע, כאָטש זיי פאַרטראַכטן זיך אַמאָל איבער עפּעס, גייען זיי פאַרביי, צווישן די, וועלכע האָבן מער איינגעבוירענעם סקעפּטיציזם, ווי גלויבן.

אָט דאָס אַלץ האָט געשאַפן דאָס, וואָס סעריאָזשאַ האָט אָנגערופן „פרינציפּעל זיך פונאַנדערגיין”, אָבער וואָס איז אייגנטלעך געווען נישט מער, ווי פאַרשידנקייט פון אינטערעסן; ביידע זענען געגאַנגען אין פאַרשידענע וועגן, און אַ חוץ דעם האָט זיי גאָרנישט געקענט שטערן זיך אַמאָל צוזאַמענצוטרעפן און פאַרשטיין איינער דעם צווייטן.

דאָ אין פּעטראָגראַד איז זיי ס׳ערשטע מאָל אויסגעקומען צו באַגעגענען זיך און לענגער צו רעדן.

די אומגעוויינלעכע לאַגע, אין וועלכער אָלגאַ האָט זיך איצט געפינען האָט סעריאָזשאַן געוווּנדערט, ווייל ער האָט געוווּסט דעם אַלטן אָרגס מצב, און ווי געוויינלעך, זיין רייכטום איבערגעטריבן.

אָלגאַן האָט שטענדיק אינטערעסירט נייע פּנימער, און סעריאָזשאַ איז איר באַלד געפעלן דערפאַר, וואָס ער האָט, כאָטש ער האָט זיך געריטלט, געקוקט אויף איר פּשוט, אָן אַ שום פאַרזוך זי צו אַדאָרירן, וואָס זי האָט קיינמאָל נישט באַמערקט אין די מענער, וועלכע האָבן זי ביז איצט אַרומגערינגלט.

דער הונגער האָט זיי נאָך מער דערנענטערט.

דער סטודענט האָט אפילו פאַרזיכערט, אַז ער האָט גע־געבן אויבן וועג, אָבער קווענקלענדיק זיך אַ ביסל, איז ער גאָר נישט אָפּגעשטאַנען פון די אויסגעהונגערטע חברטעס, און אין גיכן איז ווייניק וואָס איבערגעבליבן פון דער אַלטער אַנדרוש־קעוויטשס שווער פעקעלע.

געזעגנט האָבן זיך אָלגאַ און סעראָזשאַ, אַלס אמתע פריינט.

דער סטודענט האָט שטאַרק געדרוקט אָלגאַס האַנט, און שמייכלענדיק געזאָגט:

— איך בין זייער צופרידן פון אונזער קענטשאַפט. איר זענט ווייט נישט אַזעלכע, ווי כ'האָב מיר פאָרגעשטעלט. איר קענט נאָך ווערן אַן אמתער מענטש.

אָלגאַ האָט אים פריילעך געשאָקלט מיטן קאָפּ, און זיינע ווערטער האָבן איר שוין אויסגעזען גאָרנישט אַזוי לעכערלעך.

---

V

ביינאַכט איז אָלגאַס רויקע, פריידיקע, כמעט גליקלעכע שטימונג פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שווערן אומפאַרשטענדלעכן אומעט, נאָענט צו פאַרצווייפלונג. געשען איז עס פלוצים און ענלעך געווען אויף אַ פלוצלינקן אָנפאַל פון אַ שווערער קרענק.

ס'איז איר באַלד געוואָרן שרעקלעך, גלייך ווי זי וואָלט דערזען פאַר זיך עפּעס שרעקלעכס, אומפאַרמיידלעכס, זי האָט בולט דערזען וווּהין דאָס לעבן האָט זי געבראַכט, און וווּהין ס'פירט זי ווייטער. זי האָט דערפילט איר שוואַכקייט, און די אוממעגלעכקייט צו קעמפן. עס איז נישט געבליבן קיין שום האָפענונגען, קיין שום גלויבן. זי האָט זיך דערמאָנט אָן דער מוטער... זי האָט זיך נישט געוואָלט דערמאַנען און דאָך זיך דערמאָנט און געטראַכט וועגן איר; זיך געוואָלט באַרויקן: „דאָס האָט געוויס דאָס „פעקעלע" מיך צעשרויפט, ווען די מאַמע וואָלט געלעבט, וואָלט זי מיר געוויס אויך געשיקט"... אָבער דער אומעט איז נישט אַוועק.

זי האָט זיך דערמאָנט, ווי די מוטער פלעגט איר קוקן אין די אויגן און עפּעס פאָרשן, גלייך ווי זי וואָלט געפרעגט: „זאָג מיר, זאָג, ווער ביסטו?‟ ווי זי איז געלעגן שוין אַ טויטע אויפן בעט, און די דאַרע הענט זענען, ווי איבריקע, געלעגן איבער דער דעקע.

ווי שפּעטער נאָכן טויט, פאַרן אָפּפאָרן קיין פּעטראָגראַד איז אָלגאַ אַריינגעגאַנגען אין דער מוטערס צימער און אָנגע-הויבן פונאַנדערקלויבן אירע זאַכן.

דאָס איז געווען דאָס שרעקלעכסטע, גלייך ווי זי וואָלט ערשט דערקענט די מוטער, און גאָר אַן אַנדערע איז זי גע-שטאַנען פאַר איר. זי האָט זיך דערמאָנט, ווי זי האָט אין דער קאָמאָדע דערזען צום אַלעם ערשטן ליידיקע פלעשלעך פון פּערפומען און עמעצענס לאָקן (קענטיק קינדישע) איבערגעבונדן מיט אַ בענדעלע, אויסגעטרוקנטע בלומען, אַלבומען מיט פּערזן, געשריבן מיט דער מאַמעס האַנט, פאַרגעלטע בריוו, מיט דער אונטערשריפט: „וויטיאַ‟ און אַנדערע זאַכן. ווי זי האָט גע-טראַכט דערביי: „אָט די פּערפומען האָט די מאַמע צום ליבסטן געהאַט—ס'האָט מיט זיי שטענדיק געשמעקט פון איר. זיי הייסן אַזוי סענטימענטאַל „fleurs d'amo‟. אָט האָט זי געטרוקנט בלומען, ווען זי איז געווען אַ מיידל, און איבערגעשריבן פּעזן. אָט האָט זי זיך איינגעליבט אין איר וויטיאַן, אַ באַשיידענעם לערער, און דורך די נעכט אַפּנים געלייענט און איבערגעלייענט זיינע בריוו, ווייל זיי זענען געווען שטאַרק אויסגעקנייטשט, שטאַרק פאַרגעלעט. דערנאָך איז זי געוואָרן אַ מאַמע און גע-זאַמלט די האָר, די מילך-ציינדלעך פון אַרקאַשענקאַ און אָלענקאַ. זי האָט אַליין געקרענקט און זיך געניאַנטשעט מיט קראַנקע קינדער — אַ גאַנצע באַמעריע פון פלעשעלעך מיט פאַרביקע קוויטעלעך, פולע קעסטעלעך מיט רעצעפּטן.

צום ערשטן מאָל האָט זיך אָלגאַ דעמאָלט איינגעקוקט אין דער מוטערס לעבן, ווי אין לעבן פון אַ זייטיקן מענטש, און ס'איז איר געוואָרן שרעקלעך. אַזעלכע איז זי געווען... צוליב וואָס-זשע האָט זי זיך פּערפומירט מיט „fleurs d'amons‟

ליב געהאַט איר וויטיאַן און געבוירן קינדער... פון קינדוווייז אָן האָט זי זיך געגרייט, געוואַרט, אַלץ איינגעאָרדנט, ווידער איינגעאָרדנט, און דאָך האָט זי זיך נישט איינגעאָרדנט, און דאָך זיך נישט דערוואַרט.

אַלגאַ האָט זיך דעמאָלט דערמאָנט, ווי די מוטער פלעגט זאָגן, איבערקלויבנדיק זיך אין אַ נייער דירה, „נו איצט וועלן מיר זיך שוין, ענדלעך, איינאָרדנען פולשטענדיק און גוט"—און דערנאָך האָבן זיי זיך ווידער איבערגעקליבן אין אַ צווייטער דירה און ווידער דאָס זעלבע...

זי האָט געזאַמלט בלומען און באַהאַלטן ליידיקע פלעשלעך פון פּערפומס, און נאָך איר טויט וועט מען עס אַרויסוואַרפן אין מיסט-קאַסטן... און נישט נאָר דאָס איז שרעקלעך, שרעקלעך איז דאָס, וואָס יעדער מענטש האָט עפּעס הייליקס, געליבטס, פאַר וועלכן ער ברענגט אַזוי פיל קרבנות, צעברעכט אָפטמאָל ס'גאַנצע לעבן, און אַ צווייטע וועט אַ שמייכל טון און זאָגן: „נאַרישקייטן" — וועגן אַ גאַנץ מענטשלעך לעבן וועט ער זאָגן: „נאַרישקייטן" און וועט זיין גערעכט.

מען דאַרף גלויבן, נו יאָ, אַוודאי דאַרף מען גלויבן, דאַן קען מען זאַמלען פלעשלעך, שמאַטקעלעך, קינדישע ציינדלעך און פילן זיך דערביי גערעכט; פרייען זיך, אַז אָט נאָך אַביסל און ס'וועט דערגרייכט ווערן דער ציל, מען וועט זיך קענען איינאָרדנען און אָנהויבן צו לעבן, ווי מען וויל (ס'דאַכט זיך דאָך, אַז מען גרייט זיך צום לעבן, אַז מען לעבט נאָך נישט, אַז אָט-אָט וועט מען אויסוואַקסן, רייף ווערן, ס'וועט קומען די עלטער און דעמאָלט וועט זיך שוין אָנהויבן דער שניט, דאָס קלויבן די פירות, די באַפרידיקונג)... יאָ, די גאָלדענע צייט קומט טאַקע נישט, אָבער דאָך זענען די טעג געווען פאַרפולט מיט זאָרגן און האָפנונגען — סאיז געווען אַ ציל, און גלויבן.

אָבער אין וואָס גלויבן? דאָס לערנט מען פון קינדוווייז אָן—אין גאָט, אינם פּאַפּאַ, אין דער מאַמאַ, אין דעם, אַז אויף דער וועלט איז דאָ אמת און אז מען דאַרף זיין ערלעך, און

רעמאָלט איז מען גליקלעך און פון יעדערן געליבט. שפּעטער טראַכט מען זיך שוין אַליין עפּעס צו, אָט אַזוי ווי דער, נאָר וואָס אַוועקגעגאַנגענער, וווילער סטודענט סעריאָזשאַ.

און דאָס איז נייטיק, דאָס איז נישט קאָמיש — אָבער ווי אַזוי באַווייזט מען דאָס? די פריערדיקע קינדישע אמונה איז לאַנג געוואָרן נאָר אַ שיינע דערינערונג — די הייליקע לעמפּלעך די תפילות און די הייליקע טאַטע-מאַמע, דאָס אַלץ איז געבליבן ערגעץ טיף אין דער נשמה, אַזוי ווי אַ זוניקער טאָג, שוין לאַנג אַ פאַרלאָשענער, אַזוי ווי פריער טייער, אפשר נאָך טייערער, אָבער איבעריק פאַר דער צוקונפט.

פרעמדע אמונה האָט נישט געצויגן, נישט איבערגעצייגט, און אירע...

שירווינסקי, וואַסיאַ — געפּאַלנקייט און זינד — אָט דאָס האָט איר געגעבן דאָס לעבן, אָנשטאָט אירע טרוימען. אַך, פאַרוואָס קען זי נישט גלויבן, פאַרוואָס האָט איר די מוטער נישט גע-געבן דאָס, אירס, דאָס נויטיקסטע, דאָס טייערסטע, וואָס האָט זי געראַטפּוּורט פון פאַרצווייפלונג—פאַרוואָס האָט זי איר נישט געגעבן די שטאַרקע אמונה, בכדי זי זאָל זיך שטענדיק אָנ-טוישן און שטענדיק גלויבן. ניין זי קען נישט אזוי...

און קוקנדיק מיט די ברייט געעפנטע אויגן אין דער דושנער פינצטערניש פון שלאָפנדיקן צימער, האָט אָלגאַ גע-שאָקלט מיטן קאָפּ און ביטער געטראַכט, אַז, ווען מען זאָל איר איצט זאָגן: „אָט איז ער, אויף וועלכן דו האָסט געוואַרט, וועגן וועמען דו האָסט געטרוימט — אָט איז ער, דיין ליכטיקער גאָט,” — וואָלט זי נישט געוואַגט צוצוגיין צו אים, דערציילן אים וועגן איר ליבע, ווייל זי וואָלט מורא געהאַט פאַר דער לעצטער אַנטוישונג, נאָך וועלכער דאָס לעבן, וואָלט איבעריק געוואָרן.

און אַזוי, צופּשאַרנדיק פון איר לעבנס-וועג אַלץ וואָס, איז ליכטיק, צעשטערנדיק אומבאַרהמנונתדיק און קאַלט אַלע האָפ-נונגען, אָן וועלכע ס׳האָט זיך אָנגעכאַפּט איר אויסגעמוטשעט

האַרץ, איז אָלגאַ געזעסן אויפֿן אויסגעקנייטשטן בעט, לעבן איר שלאָפֿנדער הברטע, ביזן בלייכן פּעטראָגראַדער טאָג אַריין.

---

VI

פונם פאָטער איז אָנגעקומען געלט, נאָר מיט אַ לאַקאָני-שער צושריפט, אַז ס'איז ס'לעצטע, אַז אָלגאַ זאָל אויף גאָר-נישט האָפֿן, אויב זי וויל זיך נישט אומקערן אַהיים, ווייל דאָס לעבן אין פּעטראָגראַד איז אויסגעלאַסנקייט, און דער פֿאָטער קען דערצו נישט דערלאָזן.

דעם קיפאָן, ווו דאָס איז געווען אָנגעשריבן, האָט אָלגאַ צעריסן, און מיטן געלט האָט זי באַשלאָסן צו זיין עקאָנאָמי-שער.

איר באַשלוס צו בלייבן אין פּעטראָגראַד און קיינמאָל פֿון דאַנען נישט אַוועקצופֿאָרן איז ביי אָלגאַן געוואָרן שטאַרק און רייף ביז דער פֿולער זיכערהייט, אַז אַנדערש איז אוממעגלעך.

און אָלגאַ האָט אָנגעהויבן צו לויפֿן לויט די אַנאָנסן. סעריאָזשאַ האָט איר געהאָלפֿן. ער האָט מיט זיין פּשטות גע-מיינט, אז אָלגאַ זוכט אַ באַשעפֿטיקונג, נאָר כדי עפּעס צו טון, ס'איז אים גאָרנישט איינגעפֿאַלן, אַז זי נויטיקט זיך אין געלט.

ענדלעך, האָט זיך געמאַכט אַ פּאָסטן.

צערעדנדיק זיך צופֿעליק אין אוניווערזיטעט מיט אַ געוויסן, ביז איצט אים אומבאַקאַנטן סטודענט, — סקאַרינין, איז סערגיי געוווּיר געוואָרן, אַז דעם סטודענטס שוועסטער זוכט אַ גובערנאַנטין צו אירע צוויי קינדער. דעם סטודענטס שוועסטער איז אַן אַריסטאָקראַטקע און קען זיך נישט ווי געהעריק אָפּגעבן מיטן קליינוואַרג. ס'איז געווונטשן אַ רוסישע פֿריילין פֿון אַ בעסער הויז. סעריאָזשאַ האָט באַלד רעקאָמענדירט אָלגאַן און נישט וועלנדיק אָפּלייגן דעם ענין איז ער געקומען צו לויפֿן מיטן נייעם פֿריינד צו אונזערע הברטעס.

זיי האָבן זיי געטראָפן אין דערהיים, אין אַ גוטער שטי־מונג. ראַיסאַן האָט זיך איינגעגעבן אָפּצוזוכן ערגעץ אַן אַלטע פּיאַנינא אויף פּראָקאַט פאַר פינף רובל אַ חודש, און איצט האָבן זיי ביידע זי גערייניקט און געפּסטראַיעט.

סעריאָזשאַ האָט איבערגעגעבן אָלגאַן, אין וואָס די זאַך באַשטייט.

– הייסט עס אַז איר דאַרפט אַ דערציִערין פאַר אייער שוועסטערס קינדער? – האָט אָלגאַ גאַנץ ערנסט איבערגעפרעגט דעם עטוואָס פאַרשעמטן סקאַרינינען.

– יאָ, אייגנטלעך...

ער האָט געוואָלט נאָך עפּעס צוגעבן, ער איז אָבער פאַר־שוויגן געוואָרן. זיין נערוועז פּנים האָט כּסדר געביטן דעם אויסדרוק.

– אַי–אַי, סעריאָזשאַ, און איר שעמט זיך נישט?

– וואָס הייסט?

– גאַנץ פּשוט קען מען דען מיך רעקאָמענדירן אַלס דערציִערין...

זי האָט נישט אויסגעהאַלטן און זיך צעלאַכט, ראַיסאַ האָט איר נאָכגעפאָלגט.

די מיידעלעך האָבן געגאַפט. סעראָזשאַ האָט צעשויבערט די האָר און צעפּירט מיט די הענט. סקאַרינין, האָט, ציענדיק מיט די אַקסלען, זיך אויפגעהויבן, גרייט זיך צו געזעגנען.

אָבער אָלגאַ האָט אים פאַרהאַלטן.

– האַרט-צו, גייט נישט אַוועק, פאַרוואָס זאָלט איר נישט בלייבן אונזער גאַסט. אָך, דער סעריאָזשאַ – איך האָב אים ליב, אָבער ער וועט שטענדיק עפּעס אָנפּלאָנטערן, זיצט, מיר וועלן אַ ביסל שמועסן.

סקאַרינין האָט געהאָרכזאַם זיך געזעצט. אַ לייכטער שמייכל האָט זיך באַוויזן אויף זיינע ליפּן און גלייך פאַרשוואונדן.

ער איז געווען גלאַט געשוירן, הויך געוואַקסן און אָנ־שטענדיק אָנגעטון, מען האָט נישט געקענט זאָגן, אַז ער איז אַ שיינער, נאָר זיינע אויגן זענען געווען גראָע און אויפמערק־

זאַמע, די נאָז ווייך, אָבער גלייך, די ליפּן עטוואָס געשוואָלן, אָבער קינדיש-אומשולדיקע. ער איז געווען פּשוט און נאַטירלעך, אָבער זיין גאַנץ וועזן האָט ווי געלעבט מיט אַ האַסטיקן טעמפּאָ, און דעריבער האָט זיך טיילמאָל אויסגעוויזן, אַז ער פאַרליבט זיך און מאַכט נישט ווילנדיק באַוועגונגען, וואָס אַנטשפּרעכן נישט דעם זין פון זיינע ווערטער.

— נו איצט וועלן מיר שמועסן, כ'וועל אָנהויבן פון דעם, אַז כ'האָב בכלל פיינט יעדע אַרבעט, ד. ה. איך פאַרשטיי פּשוט נישט, ווי אַזוי מען קען זי אויספירן אָן עקל דאָס איז שלעכט, דאָס איז מיאוס, מעגלעך, (נישט אמת סעריאָזשאַ?) אָבער אַזוי איז עס. אַרבעטן מוז מען, בעסער געזאָגט פאַרדינען — אַנדערש קען מען זיך נישט העלפן. אָבער וואָס פאַר אַ דערציערין בין איך?

אָלגאַ האָט זיך ווידער צעלאַכט, אָבער דאָס מאָל, עפּעס שטילער און פרעגנדיק אַ קוק געטאָן אויף סקאַרינינען. יענער האָט נישט געוווּסט וואָס צו ענטפערן און געשוויגן.

— וואָס-זשע דען ווילט איר? דייקע האָט איבערגעבעטן אויסגעשריגן סעריאָזשאַ און אָנגעהויבן שפּאַנען איבערן צימער.

— אַך, גאָט מיינער, וואָס כ'וויל זיין!... אַ קאַסירערין, אַ לעקטאָרקע, אַ פּריקאַזשטשיצע, לסוף...

סעריאָזשאַ איז געוואָרן אויפגעבראַכט.

— כדאַי געווען צו ענדיקן גימנאַזיע! נישטאָ וואָס צו רעדן! איר וואָלט בעסער אַ מאָדעלקע געוואָרן!...

ראַיסאַ, וועלכע האָט די גאַנצע צייט שטיל געשמייכלט פון אונטער דער פּיאַניגא אַפּער, האָט זיך אָנגערופן:

— לאָז צורו, סעריאָזשאַ, מאַך נישט קיין סקאַנדאַל! גיי בעט דער באַלעבאָסטע, זי זאָל דעם סאַמאָוואַר שטעלן און מיר וועלן טיי טרינקען...

און אַזוי אַרום איז פון דעם געשיכטע גאָרנישט אַרויסגעקומען, נאָר סעריאָזשאַ האָט זיך עטלעכע טעג געבלאָזן אויף אָלגאַן, און סקאַרינין האָט אָנגעהויבן גאַנץ אָפט צו קומען צו די חברטעס.

ער האָט זיך עפּעס ווי צוגעקוקט און ער האָט אַפּנים נישט געקענט פאַרשטיין אָלגאַן, אַלץ איז פאַר אים געווען אומפאַרשטענדלעך — אי דאָס וואָס זי ווינט דאָ אַליין אָן על־טערן (פון סטריאָזשאַן האָט ער זיך דערוווּסט, ווער איר פאָטער איז) אי דאָס, וואָס זי האָט נישט געוואָלט ווערן קיין גובער־נאַנטין, און וואָלט בעסער געוואָרן אַ פּריקאַזשטשיצע (אויב אַזוי איז שוין בעסער גאָרנישט צו טון) — ווען איר נויט האָט ער נישט געוווּסט, סטריאָזשאַ האָט אים גאָר דערציילט אַז זי באַקומט פון דערהיים „גאָר אַ סך״, ס׳זענען פאַר אים אומ־פאַרשטענדלעך געווען אי דאָס געלעכטער אירס, אי דאָס פאַר־טראַכטן זיך אָן אַ שום סיבה, אי די רייד אירע, שטענדיק סתירותדיקע, שטענדיק אַזעלכע, גלייך ווי זי אַליין וואָלט נישט געגלויבט אין דעם, וואָס זי רעדט. און דער עיקר האָט אים געשראָקן און פאַרבליפט דאָס, וואָס זי האָט שוין אַזוי גוט געקענט דאָס לעבן און די מענטשן, זי האָט געקענט די פינ־צטערע זייטן זייערע און קיין שום געמיינהייט האָט זי שוין נישט געוווּנדערט.

אַליין איז ער געווען זייער עמפינדלעך, זייער אַ גוטער און טיילווייז סענטימענטאַלער, דאָס לעבן האָט ער געקענט פון די ביכער, ביזן אוניווערזיטעט איז ער דערצויגן געוואָרן אין דערהיים. ביי די פאָטער און מוטער, ערגעץ אין אַ פאַר־וואָרפן ווינקל אין סאַמאַרער גובערניע, און שפּעטער, ווען די עלטערן זענען געשטאָרבן האָט ער זיך באַזעצט ביי דער על־טערער שוועסטער, אַן אַרטיסטקע, וועלכע איז שוין לאַנג אַוועק פון דערהיים, האָט איבערגעריסן מיט דער פאַמיליע און גע־בוירן פון עפּעס אַן אַקטיאָר צוויי קינדער. פון דעמאָלט אָן האָט זיך ביי אים אָנגעהויבן אַן עקשנותדיקער גייסטיקער קאַמף, און ער האָט זיך צו אַלעמען אָנגעהויבן באַציען מיט אַ קרענק־לעכער אויפמערקזאַמקייט, מורא האָבנדיק, ער זאָל זיך טועה זיין און נישט ריכטיק פאַרשטיין. מ׳האָט דאָך געמוזט שלום מאַכן צווישן די לעבנס־געזעצן, וואָס ער האָט איינגעזויגן מיט דער מאַמעס מילך און אַנטוויקלט דאָרט אין דערהיים — און

דעם, וואָס ער האָט געזען ביי דער שוועסטער, וועלכע ער האָט צוליב זיין ווייכן כאַראַקטער נישט געקענט פאַרמשפטן.

אָלגאַ איז געוואָרן פאַר אים אַ נײַ רעטעניש, אַ נייע מאַטערנדע פראַגע, וואָס ער האָט געוואָלט לעזן, נישט קענענ-דיק דאָס לעבן, האָט ער אויך דאָס נישט געוווּסט, אַז ווען מען פאַרשטייט נישט אַ מענטש אין אָנהויב, וועט מען אים שוין קיינמאָל נישט פאַרשטיין. אַז צוגייענדיק צו אַ מענטש בענטער, און אַבסערווירנדיק אים אויפמערקזאַם, הערט מען אויף צו זיין אָביעקטיוו, און סוף כּל סוף קערט מען זיך אָפּ פון אים אָדער מען באַקומט אים ליב.

נישט קענענדיק פאַרמשפטן, האָט סקאַרינין אויפריכטיק און נאַיוו ליב באַקומען אָלגאַן.

---

VII

שוין עטלעכע טעג האָט אָלגאַ נישט געהאַט קיין פּרוטה. אַ חודש איז פאַרביי און קיין שטעלע האָט זיך נישט געפונען, ס'זענען אייגנטלעך געווען שטעלעס, אָבער אַזעלכע, פון וועלכע אָלגאַ האָט זיך אָפּגעקערט מיט שרעק און עקל.

אומעדום האָט מען זי באַגעגנט איבערגעטריבן העפלעך, גאָרנישט אָפּגעזאָגט, צוגעזאָגט אומבאַדינגט אַלץ איינאָרדנען, דערביי אָבער האָט מען געבעטן, אַז זי זאָל נאָכאַמאָל אַריינ-קומען, בכדי אַלץ דורכצורעדן, און טאַקע אין אָוונט.

איבערראַשנדיק די שוועל פון אַ קאַנטאָר אָדער וווינונג און, זעענדיק אַ הער, וואָס איז פאַר איר אויפגעשטאַנען מיט באַקנבערד, אָדער אָן באַקנבערד, מיט אַ בייכל, אָדער אָן אַ בייכל, אָדער שטענדיק אַן איבערגעטריבן העפלעכער, האָט אָלגאַ מיט אומעט געטראַכט, אַז באַלד וועט זיך אָנהויבן דאָס אַלטע, באַקענטע לידל.

— מיט וואָס קען איך דינען?

און דערנאָך, ווען זי וועט זאָגן, אַז זי זוכט אַ שטעלע,

זי איז געקומען לויט אַן אַנאָנס, וועט מען איר פאַרלייגן זיצן און אָנהויבן רעדן מיט איר וועגן וועטער, וועגן דעם, אַז ס'איז אַן עבירה, אַז אַזעלע, ווי זי זאָל אַרבעטן אין דער קאַנטאָר, פאַר וועלכע נישטיקע 30 רובל; אַז מען קען איר פאַרלייגן אַ בעסערע שטעלע מיט אַ בעסער געהאַלט און אַז. וו. און אַז. וו. און אין דעם זין. און ביים געזעגנען וועט מען איר דריקן די האַנט, און ווער ס'איז דרייסטער, וועט פּרובן אַרומנעמען און אַ קוש טון.

אין אָנהויב פלעגט זי זיך באַליידיקן ביז טרערן, דער־נאָך האָט זי זיך אויסגעלערנט אויסצוהערן שווייגנדיק, פאַר־בייסנדיק די ליפּן, שפּעטער האָט זי אָנגעהויבן לאַכן אין פּנים אַריין אָט די אַלע חיות — יונגע און אַלטע, שיינע און מיאוסע. זי האָט געלאַכט, ביז מען האָט איר פאָרגעלייגט וואַסער, אָדער אַרויסגעפירט פון דער טיר, ווייל מען האָט מורא גע־האַט פאַר אַ סקאַנדאַל.

— צום באַדויערן, קענען מיר פאַר אייך גאָר נישט טון, האָבן זיי דעמאָלט געזאָגט, און זיך אָפּיציעל פאַרנויגט.

— אָ, אַנטשולדיקט, אַנטשולדיקט... געוויס, איך פאַרשטיי, — האָט זי געענטפערט צווישן די אָנפאַלן פון לאַכן: — איר זענט דאָך אַזעלכע פאַרנומענע מענטשן.

זי פלעגט זיך אַלץ אָפטער כאַפּן אויף אָט דעם לאַכן אָן אַ שום סיבה, אויף אָט דער אומגעוויינלעכער פרייל עכקייט, וואָס פלעגט זי אַרומכאַפּן אין די שווערסטע מינוטן. ס'האָט זי אַפילו אַביסל געטרייסלט דערביי, און דער קאָפּ האָט זיך גע־דרייט, און דאָס האַרץ איז זיס אָפּגעשטאַנען, גלייך ווי זי וואָלט אויסגעטרונקען שאַמפּאַנער...

און איינמאָל, אַרויסגייענדיק פון אָט אַזאַ הויז, ווו לויטן אַנאָנס, האָט זיך געפאָדערט אַ פלעגערין צו אַן אַלטער פרוי, אָבער ווו ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ס'איז נישטאָ דאָ קיין שום פרוי, נאָר פריילעכע ליצעאיסטן האָבן זיך געוואָלט אַביסל ווייל'ן, האָט אָלגאַ זיך געמוזט אָנשפּאַרן אָן אַ וואַנט — אַזוי־

האָט זיך ביי איר פאַרדרייט דער קאָפּ און די פיס זענען גע־וואָרן אָפּגעשוואַכט.

זי איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אָן דער וואַנט, און אירע אויגן האָבן געברענט, און גאָט ווייסט פון וואָס, געלאַכט אויף איר בלייכן איינגעפאַלענעם פּנים.

פאַר איר איז געשטאַנען איינער פון די ליצעאיסטן, וואָס האָבן זי נאָר וואָס אָפּגענאַרט. ער איז אַרויסגעלאָפן נאָך איר, נאָר אין איין מונדירל, כאָטש ס׳איז שוין געווען זייער קאַלט, און האָט, שמייכלענדיק געבעטן זיך אומקערן און זיי מוחל זיין, ער האָט עפּעס געמורמלט וועגן זיין ליבע צו איר און וועגן דעם, אַז מען וועט זי נישט באַליידיקן.

— מיר וועלן נאָר אויסטרינקען מיט אייך אַ פלעשל וויין — מער גאָרנישט — האָט ער זי איבערצייגט און געשמייכלט, פאָרשנדיק, פאַרוואונדערט אָלגאַס לאַכנדיקע אויגן.

— און אויב איר ווילט, קען איך אייך באַגלייטן, און מיר וועלן זיך פאַרשטענדיקן, כ׳לעבן!... זיי זענען ווירקלעך אַביסל גראָב.

אירע אויגן האָבן נישט אויפגעהערט צו לאַכן, ווען זי האָט אים געענטפערט:

— איך וויל עסן...

זי האָט עס געזאָגט אַזוי פּשוט, ווי מען זאָגט עס דער קעכין, וואָס האָט זיך פאַרשפּעטיקט מיטן מיטאָג.

— איך וויל עסן..

— עסן?

— יאָ, יאָ, עסן...

און צוויי מאָל אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ, גאָר ווי אַ קינד.

ס׳איז נישט געווען קיין שום שרעקלעכס, נישט אין אירע ווערטער, נישט אין קול, זי האָט פּשוט אַ טראַכט געטון אויפן קול, אָבער דער ליצעאיסט איז בלייך געוואָרן, האָט עפּעס אָנגעהויבן זוכן אין די קעשענעס, געטשאָפּטשעט אַביסל לעבן איר, און איז פאַרשוואונדן.

און באַלד איז דער שווייצאַר צוגעגאַנגען צו איר, פרעגנדיק:

— פריילן, איר דאַרפט אַ דראָזשקע?

דעמאָלט האָט זי פאַרשטאַנען, אַז ס'איז שוין צייט צו גיין אַהיים, זי האָט זיך גענומען אין די הענט אַריין, און איז אַוועקגעגאַנגען.

דער קאָפּ האָט זיך אויפגעהערט צו דרייען, די געדאַנקען האָבן זיך אויסגעלייטערט, די אויגן זענען פאַרלאָשן געוואָרן.

זי איז דורכגעגאַנגען איין גאַס, די צווייטע... דער וועג איז געווען אַ ווייטער.

און ווונדערלעך, ווי נאָנט ס'איז איר געוואָרן אָט די שטאָט, — אַ פּוסטע, אַ קאַלטע, פול מיט שלעבטס און נסיונות.

זי האָט געפילט, אַז די שטאָט האָט זי שוין באַהערשט, אַז זי איז אין איר מאַכט, אַז ס'איז גענוג, אַז זי זאָל וועלן, און די שטאָט וועט איר אַלץ געבן. פאַר איר לעבן. צוליב וואָס קעמפט זי? דערפאַר, ווייל זי קען נאָך נישט קעמפן, אָבער דאָס וועט גיך, פאָריבער גיין. איין טאָג, צוויי, דריי... פריער האָט זי געעקלט, ווען זי האָט געטראַכט דערפון. איצט איז איר אומאַנגענעם, שפּעטער וועט ווערן גלייכגילטיק...

— אָ, זי איז ווייט געווען פון סענטימענטאַלקייט! ס'האָט זיך פשוט נישט געוואָלט איינשמירן... אָבער אָט שמירט זי דאָך איין אירע שיך, אירע קליידער, און איז שוין לאַנג גלייכגילטיק דערצו.

זי באַשולדיקט קיינעם נישט און קלאָגט זיך נישט אויף גאָרנישט... פאַרוואָס-זשע זאָל זי זיין אַן אויסנאָם? פּעטראָגראַד ווייזט יעדערן אָן אַ וועג. נו, איז זי נישט קאָמיש מיט איר ווילן צו אַרבעטן? אַדרבה! זי ווייסט דאָך אַפילו נישט וואָס צו זוכן, און וואָלט, דעם אמת זאָגנדיק, נישט געקענט אָנווייזן אויף קיין שום אַרבעט, וואָס זאָל איר זיין באַקענט... אָבער צוליב וואָס זשע זיך קאַליע מאַכן די נערוועָן... ניין געוויס, דאָס זענען נאָר נאַרישקייטן, פאַריבערגייענדע נאַרישקייטן. זי

האָט געדאַרפן בלייבן אויף דער פּראָווינץ און חתונה האָבן, אויב זי האָט געוואָלט שוינען איר רעפּוטאַציע... אַוודאי... און איצט מוז מען אויסנוצן דאָס געלעגנהייט.

אָלגאַ איז געגאַנגען זייער שנעל און נישט געפילט קיין הונגער. די געדאַנקען אירע האָבן זיך אויך שנעל און לייכט געביטן. אַלץ האָט אויסגעזען אַזוי פּשוט און קלאָר, און די נשמה האָט כמעט אויפגעהערט צו ווייטיקן.

---

VIII

אין דערהיים האָט אויף אָלגאַן געוואַרט סקאַרינין און אַ בריוו.

— דאָס האָט אייך איבערגעלאָזט אַ הער, וואָס איז דאָ געוועזן פאַר אייער אָפּוועזנהייט, — האָט געזאָגט די באַלעבאָסטע.

אָלגאַ האָט שווייגנדיק דערלאַנגט דעם סטודענט די האַנט און אויפגעריסן דעם קאָנווערט.

„איך בין שוין ביי אייך ס'דריטע מאָל און טרעף אייך אַלץ נישט אין דערהיים. מעגלעך, אַז איר מיידט מיך בכיוון אויס, אָבער איך פאַרגעס נישט מיינע אַלטע פריינט און פאַרבלייב ביי מיינע פריערדיקע פאַרלאַנגען. אייער לאַגע איז מיר באַוווסט—דאָס איז אַזוי געוויינלעך, אָבער נישט בעסער. כהאָף אַז דאָס מאָל וועט איר מיר נישט אָפּזאָגן זיך צו טרעפן מיט מיר, איך בין דאָך ביי אייך דער איינציקער". ווייטער איז געגאַנגען דער אַדרעס און אונטערשריפט „וו. שירווינסקי".

אָלגאַ האָט אויפמערקזאַם דורכגעלייענט אַלץ ביזן לעצטן וואָרט, דערנאָך אויפגעהויבן די אויגן אויף סקאַרינינען און מיד אַ שמייכל געטון.

— איר וועט אפשר איבערלייענען?

דער סטודענט האָט איבערגעלייענט דעם דערלאַנגטן בויגן און אַ קוועטש געטון מיט די אַקסלען.

— וואָס פאַר אַ מאָדנע טאָן? פון וועמען איז עס?

— ווי איר זעט, פון אַ פריינד...

— אָבער פון וואָס איז ער אַזוי צופרידן?

— פון דעם, וואָס כ׳וועל ווערן אַ קאָקעטין...

סקאַרינגין האָט נערוועז אַ רייב געטון די הענט, דערנאָך דעם שטערן. זיינע ליפן האָבן געציטערט, ווען ער האָט אָנגעהויבן רעדן:

— איך פאַרשטיי נישט, צוליב וואָס איר שפּאַסט אַזוי! בכלל פאַרשטיי איך אייך נישט. וואָס דאַרפט איר, וואָס זוכט איר? ווער זענט איר?

אָלגאַ האָט זיך נערוועז צעלאַכט. זי האָט ווידער דער־פילט אַן אָנפאַל פון לאַכן — עפּעס קייקלט זיך צום האַלדז און דרוקט די ברוסט, און אין גאַנצן קערפּער איז פאַראַן עפּעס אַן אומגעוויינלעכע לייכטקייט, ווי ס׳געשעט אַמאָל אין חלום, ווען מען פליט און מען גיסט זיך צוזאַמען מיטן הימל.

— מיך האָט אַ גפּויסער אַקטיאָר אָנגערופן „ספינקס אָן אַ רעטעניש״ — האָט זי געענטפערט.

סקאַרינגין האָט אַ הויב געטון מיט די אַקסלען און אָנ־געהויבן שפּאַנען איבערן צימער — פון דער פּיאַנינאָ ביז דער קאַנאַפּע, ווו אָלגאַ איז געזעסן, און צוריק. ער האָט זיך גע־וואָרפן אין אָט דעם קליינעם שטח, און אָלגאַן האָט זיך אויס־געוויזן, אַז זי זעט פאַר זיך עפּעס אַן אומגעלומפּערטע ווילדע — אַ גרויסער שוואַרצער פויגל, וואָס שלאָגט זיך אָן די ווענט פון דער שטייג. איר איז געוואָרן אימהדיק און זי האָט אויס־געשריגן:

— אָבער רעדט עפּעס!

דעמאָלט האָט סקאַרינגין זיך אויפגעשטעלט פאַר איר (זיין פּנים איז שווער געווען צו זען, ווייל אין צימער איז שוין טונקל געווען) און אָנגעהויבן רעדן:

— איר זענט אַ מאָדנע מיידל. איך פאַרשטיי אייך נישט און אָפטמאָל דאַכט זיך מיר, אַז איר אַליין פאַרשטייט זיך אויך נישט. טיילמאָל איז אייער פּנים אַזוי פּשוט, אַזוי קינדיש, אַז ס׳דאַכט זיך דיר, אַז דו זעסט אייער גאַנצע נשמה, דערנאָך

קייט עפּעס ווי אַ שאָטן אַדורך איבער אייערע אויגן און דע־מאָלט, ווייל זאָלסט נישט קוקן, וועסט גאָרנישט איבערליינען. איר האָט אַפּנים, זייער אַ סך געליטן. שטאַרק זיך אַנטוישט אין מענטשן, און דערפאַר זענט איר אַזאַ פאַרשלאָסענע, אַזאַ אומגערעכטע. יאָ, יאָ, אַן אומגערעכטע צו זיך און צו אַנדערע, נאָך וואָס, פּעטראָגראַד איז נישט פאַר אייך צוליב וואָס ווינט איר דאָ? צוליב וואָס זוכט איר אַ שטעלע, מוטשעט זיך אויס, צעמאָטעט זיך די נערוון... איך קען, פאַרשטייט זיך, נישט די פּרטים פון אייער פאַמיליען־לעבן, אָבער מיר דאַכט זיך, אַז אין דערהיים וואָלט אייך געווען בעסער... געוויס! אָדער נאָך בעסער וואָלט אייך געווען ערגעץ אין אַ דאָרף, ווו איר וואָלט געקענט אַרומגיין, טרוימען, טראַכטן אייערע טראַכטעבישן, וואָס זענען אַזוי ווייט פון לעבן...

ער איז פּלוצים אַנטשוויגן געוואָרן און געפרעגט כמעט באַליידיקט:

— אייך איז אַפּנים נמאס געוואָרן מיך צו הערן?

זי האָט שטיל געענטפערט, ווייל אין איר אומבאַוועגלעכ־קייט האָט זי נישט געפילט אַזוי דעם הונגער, און אַ זיסער דרימל האָט זי אַלץ מער און מער אַרומגענומען.

ניין, ניין רעדט...

דעמאָלט האָט ער זיך געזעצט לעבן איר, גאָר נאָנט, אַ באַגייסטערטער פון זיינע געדאַנקען, פון זיין פאָרשטעלונג, וועגן איר, ווי וועגן אַ צאַרטן און ריינעם וועזן. ער האָט גערעדט שטיל, געפינענדיק אין זיין קול די צערטלעכסטע טענער, כדי אויסצודריקן דאָס, וואָס האָט געדעגט זיין נשמה, ער איז גע־ווען גליקלעך שוין מיט דעם אַליין, וואָס ער האָט זיך, ענדלעך, געקענט אַרויסזאָגן און דערמיט פאַרווירקלעכן דאָס דורך אים געשאַפענע בילד. און וואָס מער ער האָט גערעדט, אַלץ מער איז אין אים געוואַקסן די ליבע צו אָט דעם מאָדנעם מיידל, די ליבע וואָס האָט אָנגעפילט זיין גאַנץ וועזן מיט אַ פריידיקן שטאָלץ. די טונקלקייט אין צימער האָט זיך אָנגעצונדן פאַר אים מיט אַ העל יובלדיקן ליכט, אין וועלכן ער האָט געזען

זיין אָלגאַ זיין געליבטע, וועלכע איז אַזוי נישט ענלעך געווען צו דער, וואָס איז געזעסן לעבן אים, כמעט אַ שטאַרבנדע פון שוואַכקייט.

אָלגאַ האָט אים כמעט נישט געהערט, אָדער ניין, זי האָט געהערט דעם קלאַנג פון זיין קול, אַזאַ צערטלעכער און ליבנדער, און איר נשמה האָט זיך נעוויגט אין די כוואַליעס פון אָט דעם קול, און איז אַוועקגעשווומען ערגעץ ווייט-ווייט, נישט שטערנדיק די רו פונם אויסגעמאַטערטן קערפּער.

דעמאָלט האָט ער גענומען אירע הענט און אָנגעהויבן זיי אָנצוהאַרצמען מיט זיינע קושן, מיט נישט דרייסטע, אָבער הייסע אומענדלעכע קושן.

זי האָט געקוקט אויף אים נישט אַוועקנעמענדיק די הענט, און באַפרייענדיק זיך ביסלעכווייז פון איר פאַרגליווערטקייט, האָט זי זיך ווידער אומגעקערט צום לעבן פון די שטילע חלומות, אין וועלכע זיינע ווערטער האָבן זי איינגעהילט.

זי האָט נאָר געקענט אַרויסזאָגן:

— ליבער...

ווייל איר האַרץ איז געווען פול מיט דאַנקבאַרקייט צו דעם דאָזיקן יונגל, אָבער פּלוצים איז איבער איר קערפּער אדורך אַ ציטער, און זי האָט אָנגעהויבן לאַכן, אין אָנהויב שטיל, דערנאָך אַלץ העכער.

סקאַריאַטין איז אַ בלייכער אויפגעשפּרונגען פון דער קאַ-נאַפּע. ער האָט זיך דערשראָקן און דערנאָך באַליידיקט. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זי מאַכט חוזק פון אים.

— אַדיע...

אָבער צונויפנעמענדיק די לעצטע כּוחות, האָט אָלגאַ צווישן די אָנפאַלן פון מאַטערדיקן לאַכן, וואָס האָט איר צע-ריסן די ברוסט, אויסגעשריגן:

— ניין, ניין, מען דאַרף נישט, גייט נישט אַוועק... דאָס וועט דורכגיין!

און ווען ער האָט זיך אומגעקערט צו איר, נאָך אַלץ

אָן אויפגערעגטער אָבער אַ פאַרשלאָסענער, האָט זי אים אָנגע־כאַפּט פאַרן אָרבל פון רעקל און שוין רויק געזאָגט:

— פאַרבלייבט, באַלד וועט קומען ראַיסאַ, און מיר וועלן פאָרן מיט אייך ערגעץ אין אַ רעסטאָראַן — גוט?

סקאַרינין האָט שווייגנדיק אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. אים האָט זיך געדאַכט, אַז מען האָט ביי אים צוגענומען דאָס טייערסטע. פונוואַנען האָט ער געקענט וויסן, אַז נאָר דער הונגער האָט באַהערשט אַלגאַס אַלע געדאַנקען, און זי געצוווּנגען צו רעדן אַזעלכע מאָדנע אומפאַרשטענדלעכע זאַכן.

---

IX

זיי זענען צוגעפאָרן צו אַ שענק, וווּ ס'האָט זיי געשלעפּט ראַיסאַס אַ חבר נאָכן ענדיקן די קאָנסערוואַטאָריע — לעוויטאָוו. ער האָט זיי פאַרזיכערט, אַז ס'איז דאָס אינטערעסאַנטסטע אָרט אין פּעטראָגראַד, אַז דאָרט קען מען טרעפן אַלע באַרימטקייטן אויפן געביט פון קונסט. ער אַליין האָט זיך אויך געגרייט צו זיין באַרימט און האָט אַ סך גערעדט וועגן זיין קול. ער האָט דערלויבט ראַיסאַן, זי זאָל אַרום אים אַרומטאַנצן, וואָס האָט געמאַכט אַ קאָמישן איינדרוק.

די הויכגעלויבטע שענק איז געווען איינגעאָרדנט ערגעץ אין אַ קעלער און האָט מיט איר אויסערלעכן אויסזען דער־מאָנט אָן די שענק פון מאָנטמאַרט, זי איז אָבער ווייט נישט געווען אַזוי באַלעבּט, ווי יענע.

אונטערן נידריקן באַלקן, וואָס איז געווען פאַרביק באַ־מאָלט, האָט מען געקענט זען עטלעכע יינגע שריפטשטעלער, מאָלערס און אַקטיאָרן מיט זייערע באַגלייטערינס. אייגנטלעך, זענען אָט די באַגלייטערינס געווען אינטערעסאַנטער פון זייערע באַרימטע קאַוואַליערן, ווייל אין זיי איז אַלץ נאָך געווען — שלעכט באַהאַלטענע שפּיל; אין זייערע קליידער, פריזורן, מאַ־ניער צו רעדן, האָט זיך געפילט אַ ווילן עפּעס מיט זיך פאָר־

צושטעלן, און דאָס האָט זיי געניט צו לעבן מיט אַ פיבער־דיק לעבן, וואָס האָט, מאַכנדיק זיי קאָמיש אָפטמאָל, אַרויסגע־רופן נייגעריקייט.

דאָ איז נישט געווען אַזוי ווי אין מאָנטמאַרט, קיין לייכט אומאויפהערלעך גערעדעריי, קיין נאַטירלעך באַלעבעטע פנימער, קיין באַשטימטע צוגעאייגנטע שרייאיקע קאָסטיומען און באַוועגונגען, דאָ איז געווען אַלץ דער זעלבער בלאָטיקער פעטראָגראַד, וואָס האָט געוואָלט פאַר יעדן פרייז ענלעך זיין אויף פאַריז. און דעריבער האָט אַלץ — די געשפּרעכן, די פנימער, די שמייכלען, די ווענט אפילו, אויסגעצוזן קריסטלעך, אונטער־געשטראָכן, און מינוטנווייז איז דאָס אַלץ פאַרגליווערט געוואָרן, אַזוי ווי די אָנגעשטרענגטע נאַטור פאַר די אויגן פון מאַלער, און באַלד האָט עס ווידער אויפגעלעבט, בייטנדיק די מאַסקעס.

ווען אָלגאַ איז מיט אירע באַגלייטערס אריינגעקומען אינם נידריקן זאַל פונם ענגן פאָדערצימער און האָט זיך אונ־טערגעשריבן אין עפּעס אַ בוך — האָט אַ באַוווסטער אַקטיאָר דערציילט אויף דער עסטראַדע אַ פריילעכן אַנעקדאָט, און דאָס פּובליקום האָט איינגעהאַלטן געלאַכט.

צוליב די אוממעגלעך אָנגעשטרענגטע נערוון האָט אָלגאַ באַזונדער שאַרף אויפגענומען דאָס אַרומיקע, ס׳האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז אָט די אַלע מענטשן מאַכן אַן אָנשטעל, אַז ס׳איז זיי פריילעך, און דאָס האַרץ האָט זיך ביי איר האָפנונג לאָז צונויפגעדרוקט.

זי האָט געקייעט דעם טרוקענעם „אויפשניט" און נישט געפילט דערביי קיין פאַרגעניגן פון שטילן דעם הונגער: זי האָט געגעסן, ווייל מען מוז עסן.

זי האָט געצויגן אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט. איר באַ־שיידן בלאָ קליידל, איר נאַטירלעכקייט, איר פנים מיט די אויס־געבליטע נישט זיכערע אויגן האָבן געמאַכט אַן איינדרוק. איר מויל האָט געשמייכלט און פון די ברעמען האָבן אַרויסגעקוקט ליידן.

סקאַרינין האָט געטרונקען רויטן ווייַן און געשוויגן, ער

האָט געשוויגן עקשנותדיק, איינגייענדיק אויף אַלץ מיט אַ דער־שלאָגענעם אויסזען. ער האָט נישט געוואָלט טראַכטן, פונאַנדער קלויבן זיך אינם פּאַרגעקומענעם. ער האָט אָבער נישט געקענט אַפּלאָזן אַלגאַן.

דער זינגער לעוויטאַוו איז אַרומגעגאַנגען פון איין גרופּע צו דער צווייטער. ראַיסאַן האָט מען געבעטן זינגען און עמי־צער האָט שוין גענומען אַקאָרדן.

האַלטנדיק די טאַץ הויך איבער די קעפּ, האָט דער קעל־נער אַרומגעטראָגן טיי.

אַן אָנגעזעענער רעזשיסער האָט פונאַנדערגעשטעלט אויף דער סצענע מאַריאָנעטקעס, און אַלץ איז געווען כמעט אַזוי ווי אין אַ רעכטן קאַבאַרעט.

אַ פולער מאַנספּאַרשוין אין אַ גראָען לויזן קאָסטיום, האָט לאַנג געקוקט אויף אַלגאַן מיט אויפמערקזאַמע אויגן פון אונטער דער גאָלדענער פּענסנע, איידער זי האָט געכאַפּט זיין בליק, און פאַרשטאַנען, אַז מען קוקט אויף איר.

ער האָט זיך פּאַמעלעך גערוקט צו איר, גלייך ווי ער וואָלט זיך דערמאָנט אָן עפּעס און דערביי מורא געהאַט, אַז ער זאָל זיך נישט טועה זיין.

דערנאָך איז ער, פאַרשטעלט מיט עמעצנס פּלייצע, פּלו־צים אויסגעוואַקסן פאַר דער אויפגעציטערטער אַלגאַן.

זי האָט אַ קוק געטון אויף אים כמעט דערשראָקן — אַזוי פּלוצים איז געווען זיין דערשיינען. אַזוי איז זי אויפגע־טרייסלט געוואָרן פון דער טונקעלער אָבער שטאַרקער דערי־נערונג. זי איז אויפגעשטאַנען פון אָרט און געקוקט אינם אומ־באַקאַנטנס אויגן. ס׳איז געווען אַן אויגנבליק, ווען זי איז גרייט געווען אויפצוהויבן די הענט און אָנכאַפּן זיין קאָפּ, בכדי אַדורכצוקוקן יעדעס שטריכעלע פון זיין פּנים.

סקאַרינין איז אויך אויפגעשטאַנען, אָנגעשטעקט מיט אָל־גאַס האַסטיקייט. ער איז געשטאַנען, אָנבייגנדיק זיך איבער דער צווייטער זייט פונם קיילעכדיקן טיש, ביי וועלכן זיי זע־נען ביז איצט געזעסן און האָט אויך געקוקט אויפן אומבאַקאַנטן,

גרייט אויף אַלעמען, האָבנדיק שוין צוליב עפּעס אַ פּאַראור־טייל קעגן אים.

— זענט איר טאַקע דאָס זעלבע מיידל, וואָס מיר האָבן פּאַראַיאָרן געטראָפן אויפן וואָקזאַל?...

— זי האָט נישט געענטפערט, זי האָט שוין לאַנג געוווּסט, ווער ס׳שטייט פאַר איר.

— געדענקט איר דעם צוויי־און־צוואָנציקסטן דעצעמבער?... געדענקט איר יענעם שנייאיקן אָוונט און אונזער אומגעוויינ־לעכן שמועס?

נו, יאָ, זי געדענקט... וואָס־זשע דען וואָלט זי געקענט געדענקען? זי האָט אים אויסגעשטרעקט די האַנט, מעגלעך, פריער נאָך, איידער ער האָט באַוויזן זיך איר פאָרצושטעלן, איידער ער איז פולשטענדיק זיכער געוואָרן, אַז ער איז זיך נישט טועה. ערשט דערנאָך האָט זי דערהערט זיין נאָמען און פאַמיליע (גלייך ווי אַ דריטער וואַלט עס געזאָגט) — ניקאָלאַי גערסימאָוויטש זשולטורען.

---

X

— זאָג מיר, אָלגאַ, וואָס איז מיט דיר?

ראַיסאַ האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ פון בעט, בכדי זי זאָל קענען בעסער זען אָלגאַן, וועלכע איז געלעגן לעבן איר, אויף דער קאַנאַפּע.

פאַרן הייליקן בילד האָט געברענט אַ לעמפּל (די באַלע־באָסטע פלעגט עס שטענדיק אָנצונדן אויף יום־טוב), און וואַ־רעמע שאָטנס זענען געגאַנגען איבערן צימער אַ ראָד נאָך אַ ראָד. איבער דער וואַנט האָט מען שוין לאַנג געהערט דאָס כראָפּן פונם גליקלעכן פאָרפאָלק.

אָלגאַ איז געלעגן אויפן רוקן, אויסציענדיק זיך אין איר גאַנצער ווּקס און, פאַרוואַרפנדיק די הענט אונטערן קאָפּ. זי

האָט זיך נישט גערירט, אָבער אויך נישט געשלאָפן. ראַיסאַ האָט געזען, ווי ס׳גלאַנצן אירע אויגן.

— כ׳לעבן, דו טוסט נאַרישקייטן, — האָט פאָרגעזעצט ראַיסאַ, אויסדרייענדיק דעם קאָפּ.—איין נאַרישקייט נאָכן צווייטן... ווירקט אויף דיר אַזוי אונזער נישט דערעסן? איבעריקנס, דאָס איז פאַרשטענדלעך — דו ביסט נאָך נישט צוגעוווינט, איך בין שטאַרקער פון דיר. אָבער דאָך מוז מען זיך נעמען אין די הענט און באַטראַכטן די לאַגע. דו ווילסט דאָך נישט, אַז אַזאַ לעבן זאָל זיך ציען אומאויפהערלעך? אויף וואָסזשע רעכנסטו? אויף אַ גראָשנדיק פאַרדינסט? אָבער דאָס איז נאָר לעכערלעך! דו ווייסט עס נישט געפונען, און נישט דו קענסט אַרבעטן. מיטן טאַטן האָסטו איבערגעריסן, מיט יעדערן האָסטו זיך צעקריגט, און דו לעבסט, גלייך ווי געבראָטענע טייבעלעך וועלן דיר אַליין קומען צופליען אין מויל אַריין. בכלל, ביסטו קיינמאָל נישט געווען אָפנהאַרציק מיט מיר, אָבער איך בין זיך אַ סך משער... אין גימנאַזיע האָט מען מיך געהאַלטן פאַר אַ משוגענע, און איך קען בעסער פון אייך אַלע דאָס לעבן. פאַרוואָס ס׳איז אַזוי, וועל איך דיר דערנאָך זאָגן.—בכלל וויל איך היינט רעדן, עפּעס אַזאַ שטימונג האָב איך. אָבער דו הערסט?

אָלגאַ האָט געענטפערט, נישט רירנדיק זיך.

— כ׳הער כ׳הער...

— כ׳זאָג דיר נאָכאַמאָל, ביסט צו שטאָלץ, אָבער גאָט ווייסט, וואָס דו דאַרפסט! און דאָס איז אַ נאַרישקייט — מען טאָר נישט אַזוי. הייסט, ס׳איז אפשר נישט קיין נאַרישקייט, אָבער מען דאַרף נישט. בכלל איז ליבע, לויט מיר אַ נאַרישע זאַך. ס׳איז נאָר אַ מאַטערניש, מען דאַרף קוקן אויף מענער, ווי אויף אַ פּאַרזיייליכג, אַזוי ווי זיי קוקן אויף אונז און באַהיט גאָט זיך צוצובינדן צו זיי! אָבער אפשר קען איך נאָר אַזוי — איך דאַרף איינגאַנצן נישט קיין ליבע... און דו ווייסט כ׳האָב דעריבער נישט איבערגעלעבט קיין שום דראַמען, זינט כ׳האָב דאָס פאַרשטאַנען. כ׳וועל זיין אַ זינגערין, כ׳וועל דאַרפן געלט, וועל איך ווערן עמעצנס געליבטע, אָבער כ׳וועל זיך

קיינמאָל מיט קיינעמען נישט זיך פאַרבונדן דורך געוויינשאַפט, צערטלעכקייט. ביי מיר איז אַלץ אַנדערש, און דו וועסט שוין אַזעלכע נישט זיין... דו וועסט אַפילו ערגער ווערן, אָבער דו וועסט זיך אַלץ מאַטערן. אָבער, פאַרשטייסט, איך וויל, אַז דו זאָלסט נישט פאַרפאַלן ווערן, אַז דו זאָלסט זיך נעמען אין די הענט.

אָלגאַ האָט כמעט גלייכגילטיק געפרעגט:

— צו וואָס אייגנטלעך זאָגסטו דאָס אַלץ?

— צו וואָס? אָט צו וואָס: דו דאַרפסט אַן אָנלען—אַ מאַן, אַ געליבטער — אַלץ איינס. דו קענסט נישט אָן סענטימענטן — טאָ נוך זשע אויס, כל-זמן דו ביסט יינג. אַזוי צי אַזוי וועסטו זיין אומצופרידן, זיי זשע כאָטש זאַט. דו האָסט דאָך גליק, און דו לאָזט עס אַדורך, אין דיר איז איבער די אויערן פאַרליבט סקאַרענין, און דו לאָזט אים ברעכן דעם קאָפּ איבער דיר, מוטשן זיך... דו שטויסט אים אָפּ פון זיך מיט דיינע אומגעלומפּערטע שטיק. גלויב מיר, ער וועט נישט ווערן אומגליקלעכער, אויב דו וועסט אים פאַראַטן, זייענדיק זיין פרוי... און ער קען דאָך דיך נישט עקלען.

— ער עקלט מיך נישט...

— זעסט, און פאַרמיאוסט וועט ער ווערן, אַזוי גוט, ווי אַ צווייטער, דאָס איז אומפאַרמיידלעך... דערפאַר אָבער הבט נישט זיין קיין אַנטוישונג. נאָך וואָס... וואָס פאַר אַן אויפפירונג איז עס געווען אין רעסטאָראַן? פאַרוואָס האָסטו נישט געוואָלט רעדן מיט דעם דאָזיקן זשעלטורינען? פאַרוואָס ביסטו אַנטלאָפן אַהיים און ליגסט איצט, ווי אַ מומיע? סקאַרינין האָט געהאַט טרערן אין די אויגן. ער האָט מיך אַלץ געפרעגט, וואָס איז מיט דיר. כ'האָב אים געוואָלט זאָגן: קאָרמעט זי אָן, און פירט זי אַוועק ערגעץ ווייט". און כ'לעבן, ער וואָלט געזען גוט געטון! אַ נישט מוטשעסטו דיך און מוטשעסט אַנדערע. אויף וועמען ביסטו שוין ענלעך? — הויט און ביינער.

ראַיסאַ האָט אַביסל געשוויגן און פלוצים אַ פרעג געטון:

— און ווער איז דער דאָזיקער זשעלטורין?

אָלגאַ דאָז גאַנץ שטיל געענטפערט:
— אַ שריפטשטעלער...
— אָבער פון וואַנען קענסטו אים?
דעמאָלט האָט זיך אָלגאַ אומגעדרייט מיטן פנים צו דער חברטע און שאַרף אויסגעשריגן:
— איך מוז דיר נישט דערקלערן!
ראַיסאַ האָט אַ פייף געטון:
— האָסטו געזען אַביסל! מיר איז אַלץ איינס — פאַר דיר זאָרג איך. און דו שלאָג דיר אַפילו קאָפּ אָן וואַנט...
באַלד אָבער איז זי ווייכער געוואָרן, און צוריקגעדיק זיך צו אָלגאַן און, אַרומנעמענדיק זי, האָט זי אָנגעהויבן שנעל און צערטלעך צו פליסטערן:
— זיי נישט בייז, אָלגאַ, כ'לעבן. זיי נישט בייז. און פאַרוואָס האָב איך דיך אַזוי ליב? האָרך מיך — כ'רעד צו דער זאַך — האָב התונה מיט סקאַרינינען. ער איז זייער אַ ווויי־לער, זייער אַ ליבנדער און גאָרנישט קיין נאַר. איך וואָלט גע־קענט אַזעלכן ליב האָבן... אָבער איך טאָר נישט. ווען דו זאָלסט האָבן איבערגעלעבט דאָס, וואָס איך האָב איבערגעלעבט, וואָלסטו אויך געוועזן אַזעלכע... און צודריקנדיק זיך שטאַרקער צו דער חברטע, האָט זי אָנגעהויבן פליסטערן נאָך האַסטיקער: פאַרשטייסט, כ'וויל, אַז כאָטש דו זאָלסט זיין גליקלעך. דאָס האָב איך דאָך ליגנט געזאָגט, אַז ס'איז נאַריש צו ליבן. גע־וויס — איז עס נישט ריכטיק, מען מוז נאָר אין לעבן עפּעס צוטראַכטן, פאַרשטייסט, מען מוז עפּעס צוטראַכטן אַזוינס, אַז ס'זאָל גרינגער זיין צו לעבן. איך בין דאָך אַ מיאוסע, און קיין געלט האָב איך אויך נישט, און קיינער וועט זיך אין מיר נישט פאַרליבן, און אַזוי וועט עמעצער הערן, ווי איך זינג און וועט אפשר, אויס נייגיריקייט, זיין מיט מיר אַביסל. ס'וואָלט געוועזן אַן אומגליק, ווען איך וואָלט זיך פאַרליבט, און אַזוי איז גוט. ס'איז פריילעך און לייכט. אַ חוץ דעם עקלט מיך צו זיין נאָענט מיט מענער. מיך האָט מען דאָך געהאַלטן פאַר אַ משוגענע, און כ'בין דאָך טאַקע שיר נישט פון זינען

אַראָפּ. וועגן דעם ווייסט נאָר די מאַמע, נו, און דיר וועל איך עס דערציילן. דו ביסט אַ מאָדנע, דערציילסט קיינעמען נישט פון זיך און פאַר דיר ווילט זיך די נשמה עפנען. ס׳מוטשעט מיך היינט.

ראַיסאַ האָט אָפּגעלאָזט אָלגאַן און, אַראָפּלאָזנדיק די פיס פון בעט, אָנשפאַרנדיק זיך מיט די הענט אינם מאַטראַץ, האָט זי געקוקט אויף די גלאַנצנדיקע אינם שאָטן, הייליקע בילדער.

— ביי אונז אין הויז איז געווען אַן אָרדינאַנס... נו, און... איך בין דעמאָלט אַלט געווען צוועלף יאָר. כ׳בין דערנאָך קראַנק געווען, שיר נישט פון זינען אַראָפּ. כ׳האָב אָנגעהויבן פאַר אַלץ מורא צו האָבן, און געשוויגן... און דערנאָך איז מיט מיר עפּעס מאָדנעס פאָרגעקומען. גאָט מיינער, וויפיל שמוץ, וויפיל מיאוסקייט!

זי איז פאַרשוויגן געוואָרן, נישט אַראָפּנעמענדיק די אויגן פונם הייליקן בילד. אָלגאַ האָט דערשראָקן געקוקט אויף איר.

די שאָטנס פונם לעמפּל זענען געגאַנגען איבער די ווענט — אַ ראָד נאָך אַ ראָד.

---

XI

ס׳איז אָנגעקומען אויף אָלגאַס נאָמען אַ קאַרטל פון עפּעס אַ פּירשט מאָזאָווסקי, אין וועלכן מ׳האָט זי געבעטן — זייער העפלעך און איבערצייגנד, — אַז זי זאָל ווען ס׳איז אַריינקומען צוליב אונטערהאַנדלונגען וועגן זייער אַ גוטער שטעלע.

לאַנג טראַכטן האָט מען נישט געקענט. סקאַרינין האָט נישט געמאַכט קיין שום פאַרזוך זיך איבערצובעטן, און מען האָט זיך געמוזט אָנכאַפּן אָן אַלעמען, וואָס דער גורל האָט געבערענגט.

אָלגאַ האָט זיך צוגעגרייט צו אַלעמען. די צעשרויפטע

נערוועז קענען אַ מאָל זיך אויסווייזן באַזונדער שטאַרק. מען קען אַלץ איבערטראָגן און פאַרבלייבן גלייכגילטיק.

אויף דער סערגעווסקי גאַס האָט זיך אָלגאַ אָפּגעשטעלט פאַר איינעם פון די טויערן. און באַלד האָט דער דיקער שוויי־צאַר, מיט דער בלאָלעכער גאָמבע אין מיט האַרטע גראָע אונ־טערגעשווירענע האָר אַראָפּגענומען פאַר איר דאָס אויסגעניטע היטל און צוויסן געגעבן אין בעל־עטאַזש וועגן איר אָנקומען.

אַ יינגער לאָקיי אין אַ שוואַרץ רעקל, אויף וועלכן עס האָבן אומדערטרעגלעך געגלאַנצט צוויי שורות גרויסע קנעפּ מיט פירשטלעכע קרוינען, האָט זי אַריינגעפירט דורך אַ טיר פון רויטן האָלץ אין זאַל אַריין, און געבעטן זי צוואַרטן.

אין אַ פולשטענדיק רויקער שטימונג (אַזוי ווייט זענען אירע נערוון געווען אָנגעשטרענגט) האָט אָלגאַ געזען און באַ־מערקט אַלץ, ביז די קלענסטע פּרטים.

זי האָט באַמערקט, אַז דעם שווייצאַרס גאָמבע איז שלעכט ראַזירט, זי האָט אָפּגעציילט די קנעפּ אויפן ייגגן לאַקייס רעקל און געשמייכלט אויף זיין נאַרישן שמייכל, מיט וועלכן ער האָט זי געבעטן „צוואַרטן“.

ס'האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז זי איז דאָ שוין נישט איינמאָל געווען, אַז זי קען די צימערן, און זי איז געווען פולשטענדיק גלייכגילטיק צו דער פאָרשטייענדער באַגעגניש.

זי האָט זיך געזעצט אויף דער ערשטער אונטערגעקומע־נער שטול פון ראָזן האָלץ, געצבעט מיט בלאַס־געלן אויסגענייטן זייד, און זיך אויפמערקזאַם אַרומגעקוקט.

דער זאַל איז געווען האַלב־קיילעכדיק, צוליב דער קיי־לעכדיקער זייט, וואָס איז מיט שפּיגל־פענצטער, אַרויסגעגאַנגען אויף דער גאַס, אינגאַנצן ווייס, מיט ווייסע מאַרמאָרנע זאַלן ביי די ווענט, אויפן סופיט, אין מיטן, איז געהאָנגען אַ שווע־רער קרישטאָלענער הענג־לייכטער מיט אַ מאַסע עלעקטרישע לעמפּלעך; אין איין ווינקל איז געשטאַנען אַ ווייסער שטאָלצער ביוסט פון ניקאָלאַי דעם ערשטן, אין צווייטן—איז אויף אַ ווייכן

ראָזן טעפּיך צעשטעלט געווען אַ קליין ביסל מעבל אין סטיל פּאָמפּאַדור.

גאַנץ איינזאַם, כמעט לעבעדיק, עטעמענדיק מיט איר מאַט-גלאַנציקער אויבערפלאַך, איז געשטאַנען אַ פּיאַנינאָ.

אָלגאַ האָט זיך מעכאַניש אויפגעהויבן און געגאַנגען צו איר. ס'האָט זיך איר פּאַרוואָלט אויפצועפענען איר שוואַרץ דעקל און געפונען דאָרט אַ פּאַרגליווערטע מעלאָדיע. זי איז צוגעגאַנגען און גלייך אָפּגעשפּרונגען. אויף דער קיילעכדיקער שוואַרצער שטול איז געלעגן, איינגעדרייט אין אַ קנויל, אַ געלער פוקס. ער איז געלעגן אומבאַוועגלעך, שטשירנדיק עטוואָס מיט די ווייסע ציין און, עפּנענדיק ברייט די אויסגעביילטע ווילדע אויגן. ער האָט געקוקט אויף אָלגאַן און אפשר נאָך ווייטער, און זיך נישט באַוועגט.

אָלגאַ האָט זיך דערוויגן צוצוגיין נאָענט און זיך צוצורירן צו אים מיט דער האַנט.

דער פוקס האָט נישט געעטעמט, ער איז געווען קאַלט, ער איז שוין לאַנג געווען טויט.

דעמאָלט האָט אָלגאַ, פאַרגעסנדיק אינגאַנצן, אַז זי איז נישט ביי זיך, אַז זי איז געקומען אַהער געשעפטלעך, זיך אַראָפּגעלאָזט פאַר דער שטול אויף די קני און, אַרויפלייגנדיק אירע דאַרע הענט אויפן פוקס'ס פוטער, האָט זי נאָכאַמאָל גאָר נאָענט אַריינגעקוקט מיט אירע אויסגעביילטע גראָע אויגן אין די אויסגעביילטע גלעזערנע אויגן פון פוקס. און האָט צו עפּעס אייגנס, קינדיש געשמייכלט מיט די ווינקלען פונם לאַכנדיקן מויל.

ס'האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז זי קען שוין לאַנג אָט דעם האַלבקיילעכדיקן זאַל, אָט די שוואַרצע לעבעדיקע פּיאַנינאָ, אָט דעם טויטן פוקס. זי האָט דאָס אַלץ געזען אַמאָל אין חלום... דעמאָלט האָט דאָס אַלץ געהערט צו איר, און זי איז, אַן איינזאַמע געזעסן ביי דער פּיאַנינאָ, און דער געלער פוקס איז אומבאַוועגלעך געלעגן ביי אירע פיס און זיך צוגעהערט.

הילכיקע טריט אינם האַלב-ליידיקן זאַל האָבן איבערגעריסן

אירע טרוימען. זי האָט זיך אויפגעהויבן און דערזען פאַר זיך שירווינסקין.

זי איז געווען אַזוי ווייט פונם געדאַנק צו זען אים דאָ, אַז ס'האָט זיך איר אויף אַ מינוט אויסגעוויזן, אַז ס'איז אַ וויזיע.

אָבער ער איז געגאַנגען צו איר מיט זיכערע טריט, אַ קאָרעקטער, אין אַ שוואַרצן ראָק און לאַקירטע שיך, אַזאַ עלע-גאַנטער, ווי שטענדיק, אָבער מענישער.

ער איז געגאַנגען צו אָלגאַן, שמייכלענדיק ליבלעך און נאָך פונדערווייטנס, אויסשטרעקנדיק צו איר פריינטלעך די הענט.

— אָלגאַ, וויטאַליעוונאַ, אָליאַ!...

---

XII

ער האָט זי אַוועקגעזעצט אויף אַ שטול קעגן זיך און אָנגעהויבן צערטלעך צו רעדן, פאַרשנדיק דערביי בגנבה דעם איינדרוק, וואָס זיינע ווערטער מאַכן.

— ליבע טייערע אָליאַ, איר וועט מיר דאָך דערלויבן צו רופן אייך אַזוי, איז דאָך עפעס פאַרבליבן אין אייער זכרון וועגן מיר. איך האָב קיינמאָל נישט פרעטענדירט אויף אייער ליבע צו מיר, דאָך האָט נישט די פוסטע נייגעריקייט מיך גע-שטויסן צו אייך... ניין, ניין, גייט נישט אַוועק, דערלויבט מיר זיך אַרויסצוזאָגן! איך בין שרעקלעך, שרעקלעך שולדיק פאַר אייך — מיין ליידנשאַפט שטויסט מיך אַ מאָל צו אַ פאַרברעכן. אָבער איר זענט מיר טייער, און אָט בין איך ווידער ביי איי-ערע פיס, בכדי אויסצובעטן פאַרציייונג. איך בין אַוועקגעפאָרן, נישט געזעגנענדיק זיך מיט אייך, אָבער איך האָב קיינמאָל נישט פאַרגעסן אָן אייך, שטענדיק געטראַכט וועגן אייך. איך האָב אָנגעשריבן און קיין ענטפער נישט באַקומען. דערנאָך זענט איר געקומען קיין פעטראָגראַד, איר האָט פאַרזוכט דאָס „זעלבסשטענדיקע לעבן" און אַלץ געשוויגן. איך האָב אייך נישט אָפגעלאָזט, כ'בין געקומען צו אייך, אָבער מען האָט מיך

נישט אויפגענומען. איר האָט מיך געוואָלט אויסשטרייכן פון אייער לעבן, אָבער די פאַרגאַנגענהייט קען מען נישט פאַרווישן און אָפּטמאָל קערט זי זיך אום.

שירווינסקי איז אַנטשוויגן געוואָרן, ער האָט זיך אָנגעבויגן איבער אָלגאַן, אָנגענומענדיק ווידער אירע הענט.

זי איז אַ מידע געזעסן פאַר אים, און דאַכט זיך, וועגן גאָרנישט געטראַכט, גאָרנישט געהערט.

אינם דאָזיקן ווייסן זאַל, האָט זי איר בלאָ קלייד געמאַכט-נאָך דינער, נאָך בלייכער. בלאָע שאָטנס האָבן זיך ווייך געלייגט אויף איר אַנטבלויזטן האַלדז און שטערן, טונקל-בלאָע רעדער האָבן אונטערגעשטראָכן אירע אויגן, און די באַקן האָבן זיך קוים געפּרויטלט דורך דער דורכזיכטיקער ווייסער הויט. און מאָדנע האָבן אויסגעזען איבערן דאָזיקן ליידנדן פּנים די באַזונדערס ברענענדיקע, ווי גאָלד, האָר.

דאָס ערשטע מאָל פאַרן גאַנצן שמועס, האָט שירווינסקי אויסגעשריגן אויפריכטיק:

— ווי שיין! אָליאַ, איר זענט געוואָרן אַ סך שענער!

און נישט דערוואַרטנדיק זיך אויף קיין ענטפער, האָט ער ווידער אָנגעהויבן רעדן איבערצייגנד און גלייך:

— מיר זענען ווידער צוזאַמען, אָליאַ, און איך האָף, אַז איר וועט מיך ענדלעך פאַרשטיין, און מיר וועלן גיין האַנט ביי האַנט. איצט בין איך פריי, און איר ווייסט שוין גענוג, וואָס אַזוינס דאָס לעבן איז... איך וואָלט אייך געוואָלט האָבן פאַר אַ צוהעלפעריך, פאַר אַ פריינט, און איך בין אייך נויטיק. לאָמיר מאַכן שלום, דערמאָנט זיך, וואָס כ׳האָב אייך געזאָגט דעמאָלט, ווען מיר זענען געפאָרן מיט אייך איבערן שנייאיקן פעלד און איר האָט זיך דערשראָקן. האָב איך דען נישט געמאָלט קיין הערלעך לעבן? האָבן געלט, פרייהייט, לעבן פאַר שיינקייט און פאַרגעניגן! און דאָס אַלץ איז מעגלעך, אויב איר וועט נאָר וועלן.

ער האָט איר געדרוקט די האַנט. פון דער דאָזיקער באַ-

וועגונג האָט זי זיך ווי אומגעקערט צו דער ווירקלעכקייט. זי האָט קאַלט געענטפערט:

— אַלץ, וואָס איך וויל, איז, כ'זאָל זען דעם באַלעבאָס פון הויז. פון אים האָב איך באַקומען אַן איינלאַדונג, און נאָר מיט אים וועל איך רעדן.

שירווינסקי האָט געשמייכלט, זעצנדיק זיך טיפער אין פאָטעל:

— און פאַרוואָס זאָלט איר נישט רעדן מיט מיר?

— דערפאַר, ווייל מיר האָבן נישט וואָס צו רעדן!

— איר האָט אַ טעות, איר קענט רעדן נאָר מיט מיר, דער פירשט איז נישט אין דערהיים, איך פאַרטרעט אים.

אָלגאַ איז איילנדיק אויפגעשטאַנען, זי האָט זיך באַמיט צו זיין רויק, אָבער דאָס קול האָט ביי איר געציטערט, ווען זי האָט געענטפערט:

— אויב אַזוי גיי איך אַוועק. איך וווּנדער זיך נאָר, צוליב וואָס איר האָט דאָס אַלץ געטון. ווי ווייניק אייגנליבע איר פאַרמאָגט!

שירווינסקי האָט זיך אויפגעהויבן נאָך איר.

— איר זענט ווידער אויפגערעגט, דאָס טויג נישט. נעמט אייך אין די הענט, און טוט נישט קיין נאַרישקייטן. איך זאָג אייך נאָכאַמאָל, איך רעד אין נאָמען פונם פירשט, ווייל איך בין זיין באַפולמעכטיקטער. ער איז אַ בחור, אַן אַלטער, אַ רייכער, שרעקלעך נאַריש, אַ גוטער און האָט צו מיר צוטרוי... אין אַלעמען. אָט דאָס הויז קען אייך געהערן, אויב איר וועט וועלן, וועט זיין פאַרמעגן זיין אייער פאַרמעגן, און אייער ווילן וועט זיין זיין ווילן. אַלץ איז אָפּהענגיק פון אונזער פריינטשאַפט...

אָלגאַ האָט געשוויגן, נישט אַראָפּלאָזנדיק פון שירווינסקין די אויגן.

זיינע ווערטער האָבן זי מער שוין נישט באַליידיקט. זי האָט נאָר געקוקט אויף אים און זיך געפרעגט: האָט זי אין די טעג פון נאָענטקייט מיט אים געוווּסט, ווער ער איז, אויף

וואָס ער איז פעיק, מעגלעך זי האָט געוווּסט, מעגלעך, זי האָט זיך משער געווען.

אָלגאַ האָט זיך אומגעקוקט — אויף די ווייסע ווענט, אויף דער שוואַרצער פּיאַנינאָ, וואָס פאַרבאָרגט אין זיך אַזוי פיל מעלאָדיעס, אויפן געלן פוקס...

גלייך ווי דאָס אַלץ וואַרט אויף איר, גלייך ווי ס'געהער שוין איר...

אירע געדאַנקען האָבן זיך באַדעקט מיט אַ נעפּל, די באַקענטע שוואַכקייט האָט פאַרדרייט דעם קאָפּ, קליינע העמערלעך האָבן געקלאַפּט אין די שלייפן.

און, ווען גוּבר זיין איר שוואַכקייט, האָט זי כמעט אויסגעשריגן:

גיט מיר אַביסל ווייַן, אָדער וואָס!...

דערנאָך האָט זי דערפילט, ווי עמעצער זעצט זי אויף אַ פאָטעל, דערלאַנגט איר צו די ליפּן אַ גלאָז.

זי האָט גיריק געגעסן אין פאַרטרינקען מיטן געדיכטן פאָרטווייַן. זי איז ענלעך געווען אויף אַן אויסגעהונגערט קינד, וואָס זעט גאָרנישט אַ חוץ עסן.

שירווינסקי האָט געקוקט אויף איר מיט אַ נאָכגיביקן שמייכל, געטויכערט אַ ציגאַר און אַרויסגעלאָזט ריגנווייז דעם בלאָען רויך. זיינע וואָנסעס האָבן זיך זעלבסטצופרידן געהויבן אַרויף.

ווען זי האָט געענדיקט, האָט ער מיט אַ פריינטלעכן פאָרוווּרף געזאָגט:

— אַי, אַי, ווי קען מען דערלאָזן דערצו? איר ווילט זיך אומברענגען, אָבער אייערע פריינט וועלן אייך נישט דערלויבן.

דערנאָך האָט ער אַליין איר געברענגט דעם מאַנטל און געהאָלפן אָנטון:

— כ'פאָדער נישט פון אייך היינט קיין אַנטגילטיקן ענטפער, איר דאַרפט זיך באַרויקן און קומען צו זיך. איך לייג אייך אַפילו נישט פאָר, צו באַגלייטן אייך. אָבער איך בין זי-

בער, אַז כ'וועל אינגיכן באַקומען אַ גינסטיקן ענטפער. און איר וועט זיך אומקערן אַהער, אַלס באַלעבאָסטע.

און ווען אָלגאַ איז אַראָפּגעגאַנגען פון די טרעפּ, האָט ער איר געשיקט אַ האַנט-גרוס.

---

XIII

ווען אָלגאַ איז געגאַנגען צום פירשט מאָזאָווסקי. איז געווען בלאָטיק, דער הימל איז געווען פאַרשפּרייט מיט גראָע וואָלקנס, ס'האָט גערעגנט, און ס'האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ס'וועט זיך שוין שטענדיק ציען דער נודנער האַרבסט. און איצט האָט אָלגאַ דערזען אַ ווינטער-טאָג, אין זיין גאַנצן ווייסן גלאַנץ.

אַלץ האָט געברענט, געפינקלט, יום-טובדיק געשמייכלט. די אויגן האָבן זיך, נישט ווילנדיק, געזשמורעט. און דאַן האָבן דינע גאָלדענע נאָדלען זיך געצויגן אין אַלע זייטן, און אין די אויערן האָט געקלונגען מוזיק.

דורכן ליטעיני איז אָלגאַ אַרויס אויפן נעווסקי. דאָ האָט עפּעס ווי געהערשט אַן אומבאַוווסטער יום-טוב. די מענטשן זענען, ווי פריער, געגאַנגען, יעדער זיין וועג, אָבער די זון האָט אויף אַ צייט אַלץ אויסגעמישט, אָנגעמאַכט עפּעס אַ כאַאָס און, פרייענדיק זיך, געשיינט נאָך שענער.

אינם גערויש, אינם קלונגען און קנאַקן, איז אָלגאַ געגאַנגען אַלץ ווייטער, ווי אַרומגעכאַפּט פון אַ קאַלטער ברויזנדער כוואַליע. די באַקן האָבן געברענט, די באַוועגונגען זענען געוואָרן זיכערער.

ווי אָפט דער נעווסקי האָט געהיילט איר נשמה. אין זיין לאָקפּרן האָט זי געפונען צעשטרייונג. מיט יעדן טריט האָט זי געביטן איר אויסדרוק. יעדער טריט האָט איר געגעבן עפּעס נייעס. קיינער האָט נישט געוווּסט, אַז אָפטמאָל איז זי גרייט געווען אַנידערצופאַלן פון מידקייט און הונגער — ס'איז גענוג געווען, זי זאָל אַ שמייכל טון, און אַ סך פנימער האָבן צו איר

צוריקגעשמייכלט, ווי צו אַ גליקלעבער בת-מלכה. די אינטעי־רעסאַנטסטע קענטשאַפטן ווערן דאָ געשלאָסן — פונם ניקאָלאַיעי־ווער וואָקזאַל ביז דער אַדמיראַלטעיסטוואָ.

די צונג, די געדאַנקען האָבן גענאַרט, ס'האָבן גענאַרט די פנימער, ס'האָבן גענאַרט די איגן אויפן רוישיקן, פון דער אַלטעגלעכקייט אָפגעריסענעם וועג.

דערנאָך, שוין נאָך דער אַדמיראַלטעיסטוואָ, נאָך דער נעווע, וועלן קומען צו איר די געדאַנקען, די אויסרעכנונגען, ראַיסאַ, די באַלעבאָסטע, סקאַרינין... און אַן אומעט, אַן אומעט...

— אָלגאַ וויטאַליעווונאַ, ס'איז דאָך אַ באַשערטע זאַך

זי האָט זיך אָפגעשטעלט אַ פאַרבליפטע.

אַזוי ווי דעמאָלט אין שענק, איז, אַרויסשווימענדיק פון אונטער די פלייצעס אַפער, פאַר איר שטיין געבליבן די פולע גוטמוטיקע פיגור פון זשעלטורינען.

אַ גרויסער, אַ שווערער, אין אַ פוטערנעם מאַנטל און אַלטמאָדישן צילינדער, האָט ער צערטלעך געקוקט אויף אָלגאַן פון אונטער דער גאָלדענער פענסנע, פון אויבן אַראָפּ, ווי עס קוקן אויף שטיפערישע קינדער ערנסטע באַיאָרטע מענטשן.

— דאָס איז דאָך אַ באַשערטע זאַך, — האָט ער איבערגעזזרט, דרוקנדיק איר האַנט.—מיר שליסן זיך אָן, גלייך ווי מיר זוכן איינער דעם צווייטן, און, באַגעגנענדיק זיך, פאַרגעסן מיר דעם ציל פון אונזער באַגעגניש... אָבער איצט וועט איר נישט אַוועקגיין פון מיר אַזוי גיך... נישט אמת?

ער האָט זי גענומען אונטער דער האַנט און פאַמעלעך געגאַנגען פאָראויס.

אָלגאַ האָט זיך נישט געוועהרט, נישט געענטפערט. זי האָט אָנגעהויבן גלויבן אין גורל. אַזאַ נאָענטער, האָט איר אויסגעוויזן דער זשעלטורין, אַזאַ נייטיקער. אַלץ איז אין אים געווען אַזוי היימלעך, און ער אַליין איז געווען אַזאַ געטרייער, אַוודאַי, האָט זי אים געמוזט נאָכאַמאָל באַגעגענען, נאָכדעם, ווי זי האָט געזען שירווינסקין, אַזוי ווי ס'האָט געמוזט אויפשיינען די זון נאָכן רעגן און נעפל. יענק מאָל, אין שענק, איז זי כמעט

אַנטלאָפן פון דעם מענטש, אַזוי לעבעדיק האָט כר זי דער-מאָנט אָן יענעם, דעם צווייטן, און איצט האָט זי זיך געפרייד מיט זיין אָנוועזנהייט, ווי מען פרייד זיך מיט אַ מענטש, וואָס איז נאָנט צו אַ טייערן פאַרשטאָרבענעם, יענער איז דאָך שוין אַוועק פאַר איר פון לעבן, פון אים איז פאַרבליבן נאָר אַ חלום.

אָלגאַ האָט געקוקט אויף איר באַגלייטער, און אין גע-דאַנק האָט, אַזוי ווי דעמאָלט אין שענק, געבויערט איר מוח. זי האָט געוואָלט פרעגן זשעלטורינען וועגן זיין פריינט, זי האָט אָבער געוווסט, אַז זי וועט נישט קענען פרעגן וועגן אים. אָ, ווי זי האָט מורא געהאַט פאַר נייע אַנטוישונגען, ווי זי האָט מורא געהאַט צו בלייבן אַליין...

— איר האָט מיר מוחל געווען אין אַנטלויפן, ניקאָלאַי געראַסימאָוויטש?

ער האָט געשמייכלט, פאָרשנדיק פון דער ווייט דעם אויס-דרוק פון איר פנים.

— איך האָב גאָרנישט געקלערט זיך צו באַליידיקן אויף אייך? פונוואַנען האָט איר עס גענומען?

— איך האָב מיט אייך מער נישט געוואָלט רעדן...

— כ'ווייס, ס'געשעט מיט יעדערן. אָבער וואָס טויג זיך צו באַאומרויקן... גיט אַ קוק אַרום זיך—וואָס פאַר אַ מיש-מאַש, ווי אינטערעסאַנט! איר זענט דאָך איצט פריי?

— יאָ!

— אויסגעצייכנט, לאָמיר פאַרברענגען דעם טאָג צוזאַמען! מיר וועלן פלאַפלען, זען... קלאַפן מיר אין די הענט?

אָלגאַ האָט אַ שמייכל געטון און אויסגעצויגן אים די האַנט.

— אויסגעצייכנט! אַלזאָ, מיר וועלן צום ערשטן באַזוכן די אויסשטעלונג, דאָ נישט ווייט, און פון דאָרטן וועלן מיר גיין מיטאָגן... און מיר וועלן באַשליסן, וואָס ווייטער צו טון, איר זענט מסכים.

אָלגאַ האָט, נאָך אַלץ שמייכלנדיק, פריידיק געענטפערט:

— אַוודאַי, יאָ!...

— אָך, איר ווייסט, איך וואָלט נישט געזאָגט, אַז כ׳קען זיך גוט אויף מאָלעריי, אָבער איך האָב ליב אָט די פאַרבן, אָט די וווּנדערלעכע האַרמאָניע פון ליכט און שאָטן, וואָס דאָס געזעענע גיט אונז, — האָט זשעלטוּרין גערעדט, פירנדיק אָלגאַן דורך די ברייטע טרעפ אין די זאַלן פון דער אויסשטעלונג. — וואָס מען זאָל נישט זאָגן, זינגט דאָך אונז שטענדיק די מאָ- לעריי וועגן לעבן, וועגן פריידן פון לעבן: לויט איר מהות איז זי דאָך אָפּטימיסטיש. ווי טרויעריק דער סוּזשעט זאָל נישט זיין, לעבט ער פאָרט מיט זיינע פאַרבן, ער רעדט פאָרט וועגן שיינקייט, וועגן שפע אין לעבן. פאַרבן — דאָס איז זון, לעבן — אינם ערשטן און צווייטן איז נישטאָ קיין פאַרבן. און ווי גוט איז צוּ זען די זון, ווי גוט איז צוּ לעבן!...

זשעלטוּרין איז געגאַנגען פאָראויס, אָלגאַ נאָך אים. דער שריפטשטעלער האָט געמאַכט מיט די הענט, הויך גערעדט, נישט רעכנענדיק זיך מיט קיינעמען. די וויניקע באַזוכערס האָבן זיך אומגעקוקט אויף אָט דעם גרויען גוטמוטיקן מענטש אין לאַנגן ראָק און אויף זיין באַגלייטערין — אַזאַ קליינע לעבן אים.

אָלגאַ האָט געשמייכלט. איר שמייכל איז געווען אַ רויקער; ס׳האָט זיך איר געדאַכט, אַז אַלץ, וואָס זי האָט נישט לאַנג איבערגעלעבט, וועט זיך שוין קיינמאָל נישט איבערחזרן, אַז זי איז איבערגעגאַנגען אין עפּעס אַ שטיל רויק לעבן — אָן דאַגות, אָן שטורמען.

די זון האָט געשלאָגן אין די פענטער און זיך צעשפּיט איבער די זאַלן מיט אַ פריידיקן גלאַנץ.

זשעלטוּרין האָט זיך געהיצט. ער איז געלאָפן פון איין לייוונט צום צווייטן, ער האָט זיך צעשויבערט די האָר, אַראָפּ- גענומען און אַרויפגעזעצט די פענסנע, אָנגעכאַפּט אָלגאַן פאַר דער האַנט, פאַרגעסנדיק אינגאַנצן, אַז מיט איז נישט קיין אַלטער פריינט, נאָר אַ יינג, כמעט אומבאַקאַנט מיידל.

אָבער אָלגאַן האָט עס גאָרנישט געשטערט. ביסלעכווייז

איז זי איבערגעגאַנגען אין אַ ביז איצט איר פרעמדער, אַזאַ אומגעוויינלעכער וועלט פון פאַרבן.

נישט זיכער, טאַפּנדיק, אָן צוטרוי האָט זיך אונטערגעגעבן די נייע איינדרוקן. מעגלעך, אַז אירע אָנגעצויגענע נערוון האָבן איר צוגעהאָלפן איינצוזאַפּן אין זיך דאָס, וואָס וואָלט אַן אַנדערס מאָל פרעמד געווען.

— יאָ, איר האָט געשמאַק, כ׳לעבן, איר האָט געשמאַק, — האָט זיך זשעלטורין אַנטציקט און ווייטער געלאָפן.

דערנאָך האָט ער זיך פּלוצים אָפּגעשטעלט און, שמייכלענדיק שעלמיש, אַ קוק געטון אויף אָלגאַן.

— איך וועל אייך באַלד עפּעס ווייזן... אייגנטלעך, בין איך צוליב דעם געקומען אַהער, איז זענט איר מיר צו דער צייט אונטערגעקומען... לאָמיר גיין...

ער האָט גענומען אָלגאַן פאַר דער האַנט.

— אויב איך האָב קיין טעות נישט, איז עס אין דריטן זאַל... נו, יאָ... קוקט...

זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט פאַר אַ גרויסן לייוונט אין אַ ווייטן ווינקל פונם קיילעכדיקן זאַל.

אָפּלאָזנדיק דעם מיידלס האַנט, האָט זשעלטורין עפּעס מיט אַ באַזונדערער ליבשאַפט געקוקט אויפן בילד, שאָקלענדיק פריידיק מיטן קאָפּ...

— אָט איז עס... מען האָט עס זייער טרעפלעך אַוועקגעשטעלט, זייער טרעפלעך. דאָ איז אַזוי ווייניק בילדער און אַזוי היימלעך. אויף איר דאַרף מען קוקן אַליין, פאַרטראַכט...

אָלגאַ האָט נישט געענטפערט. מיט ברייט-געעפנטע אויגן האָט זי געקוקט פאַר זיך.

אויב דער גאַנצער טאָג — איז נאָר אַ חלום, פאַרוואָס-זשע דוליצערט ער אַזוי לאַנג? פאַרוואָס פרוווט זי היינט אַ שעה נאָך אַ שעה דער גורל?

— ניקאָלאַי געראַסימאָוויטש!

אַ צערטלעכן קול האָט איר געענטפערט פון אונטער איר פּלייצע:

— וואָס, טייבעלע?... ס'איז דאָך גוט!

אָבער דאָס איז געווען שרעקלעך, אָדער זיס, אָדער ניין —ס'איז פּשוט נישט געווען.

אויפן בלאָלעכן הימל פון אַ ווייסער נאַכט, אין אַ ראַם פון פאַרגליווערטע אָזיפּרעס און טונקעלע בוימער, איז אויפן ערשטן פּלאַן, אין אַ קאָטש געזעסן אַ פרוי. קיין פערד און קיין פורמאַן איז נישט געווען אויפן בילד — מען האָט געזען נאָר די אונטערשטע טייל פון דער קאָטש, און אויף דער וויי- כער באַנק איז געזעסן, אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, אַ פרוי — אין אַ גרויסן הוט מיט אַ שוואַרצער פעדער, מיט רויטע רויזן אויפן שויס.

איר פּנים איז נישט געווען טרויעריק, נאָר פאַרטראַכט; כמעט קאַלט זענען געווען אירע אויגן, און ס'האָבן צו עפּעס געשמייכלט די דינע, ווי אַן איבערגעקערקער סערפּ פון דער לבנה—ליפּן. אומענדלעכע מידקייט האָט אַראָפּגעקוקט פונם בילד— מידקייט און ביטערע גלייכגילטיקייט.

פאַר אָלגאַן איז עס געווען זי אַליין.

— ניקאָלאַי געראַסימאָוויטש, וואָס איז דאָס?

אָלגאַ האָט זיך באַמיט צו פאַרשטיין, אויפצוכאַפּן זיך. ווי אַזוי האָט געקענט געשען, אַז פון אָט דעם בילד האָט אַראָפּגעקוקט זי אַליין, אַזעלכע, ווי זי איז איצט, שרעקלעך עגלען, שרעקלעך נאָנט.

זשעלטורין, אַ צופרידענער האָט געריבן די הענט.

— איך האָב געוווסט, אַז איר וועט שטוינען. וואָס פאַר אַן ענלעכקייט! און ער האָט דאָך אויך געזען מיט אַ יאָר צוריק — נאָר איינמאָל... אָבער דעמאָלט האָט איר אים פאַרכאַפּט. באַלד אין וואַגאָן האָט ער געמאַכט עטלעכע סקיצן, און שוין דעמאָלט איז ביי אים געבוירן געוואָרן די אידעע פון אָט דעם בילד. איצט איז ער אין פאַריז, אָבער אין די נאָנטסטע טעג וועט ער קומען אַהער. ער האָט זיך זייער אינטערעסירט מיט אייך און וואָלט זיך גערן באַקענט מיט אייך... אָבער וואָס איז מיט אייך? פאַרוואָס זענט איר אַזוי בלאַס געוואָרן? זעצט זיך

דאָ, אָט דאָ... אַך, גאָט מײַנער, איך האָב גאָרנישט באַטראַכט, אַז מען קען מיד ווערן פון אַזאַ מאַסע בילדער!...

זשעלטורין האָט איר געריבן די הענט, אַרײַנגעקוקט איר אין די אויגן. ער האָט געהאַט אַ שולדיקן, פאַרלוירענעם אויס־זען, ווי אַ מענטש, וועלכער איז נישט געוווינט זיך צו באַגיין מיט קיין פרויען.

אָלגאַ האָט געענטפערט כמעט רויִק:

— ניין, ניין, ניקאָלאַי געראַסימאָוויטש, דאָס זענען נאַריש־קײטן. אָבער אויף הײַנט איז ווירקלעך, גענוג בילדער. גיט מיר די האַנט, און מיר וועלן גיין פון דאַנען. דאָס בילד פון אײַער פרײַנט געפעלט מיר: ס'איז גליקלעכער פון מיר, נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס ס'איז אַזוי אומעטיק אָבער איך בעט אײַך, איר זאָלט מער נישט רעדן וועגן דעם און וועגן... אים, אויב איר ווילט זײַן מײַן פרײַנט.

אַרויסגייענדיק פונם קלײנעם זאַל, האָט אָלגאַ נישט אויס־געהאַלטן און זיך אומגעקוקט.

אויפן הינטערגרונט פונם בלאָלעכן הימל, דרימלנדיקע בוימער און שטאָלענע אָזיערעס, איז געפאָרן אין איר משוגנה־דיקער קאָטש, און פורמאַן, די מידע, גלײַכגילטיקע „אומבאַ־קאַנטע”, מיט וועלקנדע רויזן אויפן שויס, אָלגאַ אָרג.

---

XV

דער דאָזיקער טאָג איז ווירקלעך געווען פאַר אָלגאַן אַ טאָג סורפּריזן. אַזעלכע טעג באַווײַזן זיך אין לעבן, ווען דער גורל וויל עפּעס ווי אויספּרוּוון דעם מענטש, באַלוינען זיך און אים פאַר דער אײנטאָניקײט פונם איבערגעלעבטן.

נאָכן באַזוכן די אויסשטעלונג איז אָלגאַ מיט זשעלטו־רינען געפאָרן אין אַ רעסטאָראַן, וווּ זיי האָבן באַשיידן חבריש געגעסן אינם געמײַזאַמען זאַל. זיי האָבן גערעדט וועגן זײַטיקע זאַכן, וואָס זענען זיי פּערזענלעך ווייניק אָנגעגאַנגען, געלאַכט

פון די שכנים פון זיך; זיי האָבן זיך נאָכמער באַפריינדעט און דערנענטערט.

דער גוטמוטיקער זשעלטורין האָט קיין איינמאָל מער נישט דערמאָנט זיין פריינט, מיט קיין איין וואָרט נישט אַרויס־געוויזן זיין שטוינונג צוליב דעם פאַרבאָט פון זיין נייער פריינדין. עטוואָס מעלאַנכאָליש, גוטמוטיק שאַרף און חקירהדיק, אַ פוילער, אָבער באַגייסטעטער, מיט אַ נשמה פון אַ קלוג קינד, איז ער גאָרנישט ענלעך געווען אויפן אויטאָר פון זיינע נאָ־ווען און מייסטערישע פערזן. גיכער פאַר אַלץ האָט מען אים געקענט אָננעמען פאַר אַ פאַראָרעמטן פריץ, וועלכער איז אַראָפּ־געקומען אין דער הויפט־שטאָט דורכצופלאָזן מיט אַ לייכטער זאָרגלאָזיקייט דאָס לעצטע. ווער ס'האָט אים נישט געזען ביי דער אַרבעט, ווי ער האָט מיט שטרענגקייט און ליבשאַפט צו־געקליבן יעדער וואָרט, אַזוי ווי פערל, דער וואָלט געקענט מיינען, אַז אָט דער מענטש האָט זיך קיינמאָל נישט ערנסט, איבער גאָרנישט פאַרטראַכט, אַז ער ווייסט נישט, וואָס אַזוינס אַרבעט איז.

מען האָט אים געקענט אָננעמען פאַר אַ אַסשטרייטן, ווייניק באַאָבאַכטנדן – אַזוי, דאַכט זיך, גלייכגילטיק, מיט איין אויג האָט ער זיך צוגעקוקט צום אַרומיקן. און קיין איינמאָל האָט ער נישט אָנגעהויבן צו רעדן מיט אָלגאַן וועגן ליטעראַ־טור, וועגן זיינע זאַכן. ער האָט זיך ווי געשעמט אָנצורופן זיך שריפטשטעלער.

אַפילו די נישט באַרעדעוודיקע אָלגאַ, האָט, נישט שע־מענדיק זיך, גערעדט וועגן טויזנטער קליינינקייטן, וואָס זענען איר געקומען אין קאָפּ אַריין. ס'האָט איר דערמאָנט די פאַר־גאַנגענע גימנאַזיסטישע צייטן, ווען פאַרהעלטניסמעסיק איז איר לעבן געווען אַזוי זאָרגלאָז.

– איר וועט זען, מיר וועלן נאָך צוגויץ קומען איינער דעם צווייטן, – האָט שפאַסנדיק געזאָגט זשעלטורין, העלפנדיק אָלגאַן אַרויסגיין פון שליטן פאַרן טויער פון איר הויז, – איך פיל עס... נישט אומזיסט טרעפן מיר זיך מיט אייך שוין

ס'דריטע מאָל. באַהאַלט אָט דאָס קאַרטל — ס'קען אייך צונוץ קומען — דאָ איז מיין אַדרעס. נו, זייט געזונט!...

אָלגאַ האָט באַהאַלטן דאָס קאַרטל אין דער „מופקע" און נאָך לאַנג געשאָקלט מיטן קאָפּ צום אָפּפאָרנדן שליטן, פון וועלכן ניקאָלאַי געראַסימאָוויטש האָט געפאָכעט מיטן צילינדער.

און אויף דער שוועל פון איר צימער האָט זי זיך גע־טראָפן פנים אֶל פנים מיטן ברודער. זי האָט זיך אַפילו ווי נישט פאַרוואונדערט פון אָט דער אומגערעכטער באַגעגניש, נאָר צונויפגערוקט די ברעמען און שטייפער פאַרקוועטשט די דינע ליפן.

אַרקאַדיע האָט זיך אַפילו נישט באַמיט צו באַגריסן.

ער איז צוגעשפרונגען צו דער שוועסטער, אָנהויבנדיק באַלד מיט אַ הויכן טאָן:

— ווער איז עס מיט דיר געפאָרן?

אָלגאַ איז שווייגנדיק דורכגעגאַנגען לעבן אים, האָט אַראָפּגענומען דעם מאַנטל און אָנגעהויבן אויסצוטון דאָס היטל. דערנאָך האָט זי געזאָגט:

— דו וואָלסט זיך פריער באַגריסט מיט מיר. ווי לאַנג האָבן מיר זיך שוין נישט געזען?...

אַרקאַדיע האָט אַ פייף געטון, אָבער דאָך צוגעגאַנגען צו דער שוועסטער און זי לייכט אַ קוש געטון אין שלייף, נישט אַרויסנעמענדיק דערביי די הענט פון די קעשענעס פון זיין לעדערן רעקל.

— איבעריקע צערטלעכקייטן, מיין פריינט! איך בין געקו־מען נישט קושן זיך, נאָר רעדן צו דער זאַך...

און זעצנדיק זיך אין אַ פאָטעל, פאַרלייגנדיק אַ פוס אויף אַ פוס און פאַררויכערנדיק אַ ליולקע, האָט ער פאָרגעזעצט:

— דיינע מעשים זענען אונז באַקאַנט. זאָלסט נישט מיינען, אַז דער פאָטער און איך וועלן קוקן אויף אַלעמען צווישן די פינגער. דו האָסט אונז שוין גענוג קאָמפּראָמיטירט. זאָג, ווער איז דיין געליבטער?

אַראָפּנעמענדיק דאָס היטל, האָט אָלגאַ פּאַמעלעך אומ־געדרייט איר פנים צום ברודער, דערנאָך אַ קוק געטון אויפן

צעקנייטשטן בעט און אויפן אַוועקגעוואָרפענעם דער לעבן צע-ריסענעם ספּעט.

— דאָס בעט איז ראַיסאַס... פאַרוואָס האָסטו זיך געוואַל-גערט דערויף?

אַרקאַדיע האָט זיך נאָכמער אָנגעצונדן.

— זעט נאָר, אַביסל! ראַיסאַס בעט! ווי זשע האָב איך געזאָלט וואַרטן אויף דיר, ווען דו האָסט זיך געשלעפּט אי-בער די האָטעלן...

— אַרקאַדיע!

— וואָס אַרקאַדיע? איך ווייס שוין לאַנג, אַז מען רופט מיך אַרקאַדיע... פאַררעד נישט די ציין! כ'זאָג דיר נאָכאַמאָל, מיר ווייסן אַלץ. און איך בין געקומען אַהער דיר זאָגן, אַז דער פאָטער האָט נישט בדעה מער דיר צו געבן קיין געלט, און ער פאָדערט, אַז דו זאָלסט זיך אומקערן אַהיים. גענוג! איך וועל אויך נישט דערלויבן, אַז דו זאָלסט באַשמוצן אונ-זער נאָמען... דאָס איז דער טייוול ווייסט וואָס! ביי אונז רעדט מען נאָר פון דיר! כ'קען דאָך נישט אַלעמען די מיי-לער פאַרמאַכן...

גלייכמאַכנדיק פאַמעלעך דאָס אויסגעקנייטשטע בעט, האָט אָלגאַ זיך אָנגערופן:

— און וואָס רעדט מען פון דיר און וואַריאַן, פון דעם, וואָס דו האָסט זי אַוועקגעוואָרפן מיטן קינד?

— אָבער צו יאָס זאָגסטו דאָס?

אַזוי זיך, איך פרעג... וואָס רעדט מען וועגן דעם טאַטן און קלעאָפּאַטיאַ איוואַנאָוונאַ?

דער צעמישטער אַרקאַדיע האָט נאַיוו געענטפערט:

— זי וועט נישט זיין ביי אונז, ווען דו וועסט זיך אומקערן...

אָלגאַ האָט זיך צעלאַכט. זי האָט זיך אַליין געחידושט איבער איר רויקייט. זי האָט זיך נאָך אַלץ געפילט אונטער זשעלטאָרינס שוץ.

— אויסגעצייכנט. הייסט עס, אַז דער כבוד פון דער פאַמיליע ליגט אין מיינע הענט?

— רעד נישט קיין נאַרישקייטן... דו פאַרגעסט דאַכט זיך די דיסטאַנץ פון דיר ביז מיר! וואָס ווילסטו זיין?

— אַ קאָקעטין!

דער צערייצטער אַרקאַדיע איז אויפגעשטאַנען פונם אָרט. די ליולקע איז אַוועקגעפלויגן אין אַ זייט.

— דו ביסט ערגער פון אַ קאָקעטין! ערגער... דו פאַר-שעמסט דיין אַלטן פאָטערס פנים... צוליב דיר איז מיר אַ בזיון אין גאַס זיך צו ווייזן. איך האָב צוליב דיר דעם אָפיצירן-עקזאַמען נישט באַלייגט — אין קיין שום פולק וועט מען מיך נישט אַריינגעמען! וואָס זיצסטו דאָ? פאַרוואָס באַהאַלטסטו דיין געליבטן?... ווער איז ער? איך וועל אים צווינגען חתונה צו האָבן מיט דיר...

XVI

אַוועקגייענדיק פון בעט, איז אָלגאַ איבערגעגאַנגען אינם צווייטן עק צימער, צום פענצטער, און האָט אַ קוק געטון אויף דער גאַס. אין איר קול האָט געקלונגען אַנטשלאָסנקייט, ווען זי האָט געזאָגט:

— שטילער, שריי נישט, דאָרט... איבער דער וואַנט זיצן אונזערע באַלעבאַטים, און דו קענסט זיך נאָך אַן איבריק מאָל קאָמפּראָמיטירן, באַרויק זיך, דערמאָן זיך, אַז מיר זענען אַמאָל געווען גוטע פריינד און האָבן געקענט רעדן איינער מיטן צווייטן.

דער אַ ביסל אָפּגעקילטער אַרקאַדיע האָט געענטפערט מיט אַ באַליידיקטן טאָן:

— דאָס איז געווען אַמאָל — אַ סך וואַסער איז אָפּגעלאָפן. אַלץ איז אַוועק מיט קאָפּ אַראָפּ, זייט די מאַמע איז געשטאָרבן...

אָלגאַ איז צוגעגאַנגען צום ברודער און אָרויפגעלייגט איר האַנט אויף זיין פּלייצע.

— דערמאָן נישט די מאַמע, מען דאַרף נישט... זאָג בעסער, וואָס איר ווילט פון מיר ?

— מיר ווילן, אַז דו זאָלסט זיך אומקערן צו אונז, און זאָלסט אָנרופן דעם אויסוווּרף, וועלכער...

— צו וואָס אַזוי שטאַרק ? אַמאָל האָסטו אַזעלכע מענטשן אָנגערופן ווילדע ייִנגען, און האָסט אַליין געהערט צו זיי...

— נאַרישקייטן !

— ניין, ס׳איז נישט קיין נאַרישקייטן, נאָר נישט דאָס איז דער עיקר. דו האָסט מיך אָנגערופן קאָקעטין, ערגער פון אַ קאָקעטין... איך בין נאָך נישט קיין קאָקעטין ; אָבער כ׳וואָלט עס שוין געקענט זיין אַ דאַנק אייך... מען מוז דאָך פון עפּעס לעבן !

— דער טאַטע קען דיר נישט שיקן קיין געלט...

— און איך קען נישט לעבן מיט אים. וואָס-זשע טוט מען ?

— האָב חתונה !

— מיט וועמען ?

— מיט דיין געליבטן. זאָג — ווער איז ער ?

— איך האָב נישט קיין געליבטן.

— ער האָט דיך אַוועקגעוואָרפן ?

אַרקאַדיע איז ווידער גרייט געווען אויפצושפּרינגען. אָלגאַ האָט אים אָפּגעהאַלטן :

— נישט ער מיך, נישט איך אים האָבן אַוועקגעוואָרפן. מיר זענען זיך צעגאַנגען אַזוי צופעליק, ווי מיר זענען זיך צונויפגעגאַנגען... איך וועל דיר אים גערן אָנרופן, אָבער חתונה האָבן וועל איך נישט מיט אים, דאָס זאָלסטו וויסן. אָבער איך וועל דיר אים אָנרופן, כדי דו זאָלסט כאָטש איינמאָל אַ טראַכט טון...

— נו, זאָג, זאָג...

— ער הייסט וולאַדיסלאַוו שירווינסקי.

— אַרקאַדיע האָט זיך אָנגעכאַפּט פאַרן קאָפּ.

— שירווינסקי ?... זאָגסט ליגנט, ס׳קען נישט זיין !... ער

האָט דאָך מיר געשריבן, אַז דו האָסט אַ געליבטן, בכדי איך זאָל ווירקן אויף דיר... וואָס פאַר אַ מעשיות!...

אָלגאַ האָט געלאַכט, קוקנדיק אויפן צעווילדעוועטן ברודער. אַרקאַדיע איז געווען אויסער זיך.

— לייג נישט, אָלגאַ! — האָט ער געשריגן, — הערסט, זאָלסט נישט לייגן! דו האָסט שוין גענוג געלאַכט פון אונז אַלע, אָבער גענוג! אויב דו וועסט באַלד זיך נישט אומקערן מיט מיר אַהיים — וועט דער פאָטער דיך פאַרשעלטן, און מיר זאָלן מער נישט וויסן פון דיין געביין. גענוג! זאָג דעם אמת, דו האָסט אויסגעטראַכט אויף שירווינסקין, יאָ?

אָלגאַ האָט, לאַכנדיק אַלץ, געענטפערט:

— אַוודאַי, יאָ! איך האָב פשוט געשפּאַסט; וואָלט דען שירווינסקי, דיין פריינט אָפּגעטון אַזאַ געמיינהייט? און דערצו קען ער דאָך אַזוי גוט שיסן פון אַ פּיסטאָלעט... מיט קיין חברים שלאָגט מען זיך נישט!

— אָלגאַ, שווייג!

— ניין, דו שווייג. איך וועל איצט רעדן. גיב איבער דעם פאָטער, אַז איך וועל דאָ פאַרבלייבן, און וועל קיינמאָל נישט אַוועקפאָרן. אַז איך האָב אַ געליבטן, נאָר כ׳האָב נישט געוואָלט אָנרופן זיין נאָמען, און דו האָסט נישט געקענט ראַטעווען דעם אומבאַפלעקטן כבוד פון אייער נאָמען. זאָג אים, אַז מיין געליבטער — איז אַן אויסוווּרף, אַ טרוס, און אַ אומאָרנטלעכער מענטש, ווייל ער האָט מיך אַוועקגעוואָרפן און וויל נישט חתונה האָבן מיט מיר, און איך בין איצט ערגער פון אַ קאָקעטין, ווייל איך וויל נישט חתונה האָבן מיט אים און וויל אויך נישט לעבן מיטן ליבנדן טאַטעשי, מיטן ליבן ברודערל און מיט דער געשעצטער קלעאָפּאַטראַ איוואַנאָוונאַ. זאָג אים, אַז זיין דערציונג און גוטער ביישפּיל זענען מיר נישט ווויל באַקומען, ווייל איך בין אַ צעלאָזט מיידל און קען נישט זיין קיין אָרנטלעכע פרוי. זאָג אים, אַז איך קוש אים, און בעט אים, ער זאָל מיך פאַרגעסן, אַזוי ווי ער האָט פריער פאַרגעסן אָן דעם, אַז כ׳דאַרף עסן, אַז כ׳האָב אַ נשמה. זאָג

אים, אַז כ׳בין אומגעקומען נאָר דערפאַר, ווייל כ׳בין געווען שלעכט, צעלאָזט, ווייל כ׳האָב נישט געהערט זיינע גוטע עצות. און איצט קענסטו אַוועקגיין. הערסט, נעם דיין סעפעט און גיי אַוועק, גיי אַוועק שנעלער!

אָלגאַ האָט כמעט געשריגן. אירע אויגן האָבן זיך אָנגעגעצונדן, די הענט האָבן געציטערט, דאָס פנים איז געווען ווייסער פון דער וואַנט. דער אויף אַ מינוט צעמישטער אַרקאַדיע איז געקומען צו זיך.

— שווייג!

ער איז גאָר נאָנט צוגעגאַנגען צו דער שוועסטער. אַ שוים איז אַרויס אויף זיינע ליפּן.

— איך וועל דיך דערהרגענען, אויב דו וועסט נאָך עפּעס זאָגן!

אין זיין האַנט האָט זיך באַוויזן אַ רעוואָלווער.

מיט אַ בליץ-שנעלער באַוועגונג האָט אים אָלגאַ אַרויסגעריסן.

— לאָז אָפּ די שטיק. איך קען דאָך דיך, דו און דער טאַטע האָבן עס ליב. ס׳איז נישט ס׳ערשטע מאָל. מיך וועסטו נישט אָפּשרעקן, וועסט נאָר אָנמאַכן אַן אַוואַנטורע און זיך אַריינפּאַקן אין טורמע. נעם דיין סעפעט און גיי אַוועק...

זי האָט שווער געעטעמט פון אָנשטרענגונג, אין וועלכער זי האָט זיך די גאַנצע צייט געפונען. די באַקאַנטע שוואַכקייט האָט זי אַרומגעכאַפּט. אין די שלייפן האָט געקלאַפּט.

אַרקאַדיע האָט נישט געפּרוווט אָפּצונעמען דעם רעוואָלווער. ער האָט נישט געקוקט דער שוועסטער אין די אויגן אַריין. שווייגנדיק האָט ער פאַרבונדן דעם סעפעט און אָנגעטון דעם מאַנטל.

שווייגנדיק, נישט אויפהויבנדיק די אויגן איז ער אַרויסגעגאַנגען פון צימער. די טיר האָט זיך הילכיק פאַרקלאַפּט נאָך אים.

ראַיסאַ האָט געטראָפן אָלגאַן זיצן ביים טיש און באַ-טראַכטן דעם רעוואָלווער. דאָס מיידל האָט זיך דערשראָקן. זי איז צוגעלאָפן צו דער חברטע און זי ארומגענומען.

— אָליעטשקאַ, גאָט איז מיט דיר, וואָס טוסטו? פונוואַנען איז דאָס?

אָלגאַ האָט אַ שמייכל געטון.

— האָב נישט קיין מורא, איך באַטראַכט נאָר די דאָזיקע זאַך: דער ברודער האָט עס מיר איבערגעלאָזט, אַלס אַן אויס-וועג, אפנים...

— ארקאַדיע איז אין פעטראָגראַד?

— יאָ, ער איז דאָ געווען. ער האָט דיך געלאָזט גרוסן און געהייסן איבערגעבן, אַז דיין בעט איז אים זייער געפעלן. ער איז געקומען ראַטעווען מיין ערע! ווי געפעלט דיר?

אָלגאַ האָט זיך צעלאַכט, קוקנדיק אויף דער חברטע.

— וואָסזשע האָט ער געוואָלט פון דיר?

— אַז כ'זאָל אַוועקפאָרן פון דאַנען און חתונה האָבן.

— און געלט האָט ער געבראַכט?

— פאַרשטייט זיך, ניין. ס'איז גענוג פאַר מיר גוטע עצות... איך האָב אים דורכגעטריבן...

— אויסציענדיק זיך און רייבנדיק די אויגן, האָט ראַיסאַ געענטפערט:

— האָסט גוט געטון, אַלץ איינס אַ קליינע האָפנונג אויף זיי. לאָמיר בעסער טרונקען טיי. כ'האָב געבראַכט זעמל פון פיליפאָוון, גאָר פרישע, און באַהאַלט אַ ביסל ווייטער אָט דאָס חפץ, ווי פאַרן טויט, האָב איך מורא פאַר געווער...

זי האָט אָנגעצונדן דעם לאָמפ, אַרויסגעלייגט אויף אַ טע-לער די זעמל פונם בייטל און געגאַנגען באַשטעלן דעם סאַמאָוואַר.

אָלגאַ האָט די גאַנצע צייט געקוקט אויף איר מיט אַ שמייכל. אין אַזעלכע מינוטן איז איר ראַיסאַ געווען באַזונדער ליב. און ס'איז גוט, וואָס זי האָט נישט אָנגעהויבן זיך אויס-

צופרעגן, נישט אָנגעהויבן טרייסטן. זי האָט געגלויבט אין אירע רייד וועגן רעוואָלוציע! געוויס וואָלט עס געווען נאַריש, אָבער טיילמאָל קומען אָן אַזעלכע מינוטן, ווען דו ביסט גרייט צו טאָן אַזאַ נאַרישקייט, ווען ס׳דאַכט זיך, אַז ס׳איז נישטאָ קיין אַנדערער אויסוועג.

דאָס לעבן איז געוואָרן שוין צופיל צופעליק, צופיל זינלאָז. ס׳איז אַפילו שווער צו פאַרלאַנגען עפּעס. נאָר זאַט צו זיין — דאָס איז אַלץ. נישט צו פילן אָט די שטענדיקע לייכטקייט אין מאָגן און דאָס דרייען אין קאָפּ.

אָלגאַ האָט געטרונקען טיי, געפרעגט מיט ראַיסאַן, דערנאָך זיך געלייגט שלאָפן, און געשלאָפן שטיל, אָן חלומות.

אינדערפרי, ווען די באַלעבאָסטע האָט דערלאַנגט קאַווע און אויפהויבנדיק די סטאָרע, אַריינגעלאָזט אין צימער דאָס ליכט פונם זוניקן פראָסטיקן טאָג — האָט זיך אָלגאַן אויסגעוויזן אַפילו, אַז זי איז פולשטענדיק גליקלעך.

זי איז געלעגן אויפן בעט מיט פאַרגעניגן באַטראַכט די פראָסט-בלומען אויף די שויבן, פּאַמעלעך געטרונקען די הייסע קאַווע און געטרוימט.

זי האָט זיך דערמאָנט אָן זשעלטורינען, אָן זיין פוטערנעם מאַנטל, אָן זיין אַלטמאָדישן צילינדער, אָן זיינע גוטע אויגן פון אונטער דער גאָלדענער פענסנע, זי האָט זיך דערמאָנט אָן זייער שמועס, און געטראַכט, אַז איצט האָט זי שוין אַ גוטן פריינד, וועלכער קען העלפן אין אַ שווערער מינוט, און וועמענס הילף איז לייכט און נישט קיין בושה אָנצונעמען. זי האָט געטראַכט אויך וועגן סקאַרינינען. ער האָט זי ליב געהאַט, און ס׳איז אָנגענעם דאָס באַוווסטזיין וועגן דעם. פאַרוואָס איז ער אַזוי לאַנג נישט געווען ביי זיי? מ׳וועט דאַרפן אים צורופן. זי האָט נישט געוואָלט און דאָך געטראַכט אויך וועגן דער „אומבאַקאַנטער״, וואָס איז געפאָרן אין איר קאָטש אויפן הינטערגרונט פון אָזיערעס און וואַלד, מיט רויטע בלומען אויפן שויס. באַזונדערס העל האָבן געברענט פאַר איר אָט די בלומען. ווי מאָדנע ס׳איז געווען צו זען זיך און נישט זיך דאָרט

אויפן לייוונט, אַן אומבאַוועגלעכע און זיך דערוויטערנדע... איר צוקונפט, איר קעגנוואַרט, אָדער נאָר די פאַנטאַזיע פונם מאָלער...

דעם מאָלער... ניין, וועגן אים דאַרף זי נישט טראַכטן, אַ נישט וועט זי זיך אפשר וועלן באַקענען מיט אים, און... וואָס וועט זי אים דעמאָלט זאָגן? אַז זי האָט אים ליב, אַז זי האָט לאַנג אויף אים געוואַרט, אַז וואַרטנדיק אויף אים, האָט זי זיך, אָן ליבע, אָפּגעגעבן אַ צווייטן, אַז זי לעבט איצט, נישט וויסנדיק, צוליב וואָס זי לעבט... איבריקנס... האָט זי טאַקע געוואַרט אויף אים, האָט זי ליב אים? און אפשר איז ער נישט יענער, נישט ער; ער, אָבער נישט ער, ווי זי איז נישט זי אויף יענעם בילד... שוין צופיל איז זי דורכגעגאַנגען, שוין צופיל דורכגעליטן, ס'איז שרעקלעך צוצוקומען צום ציל. זאָל זי בעסער נישט וויסן, ווי ער הייסט, וואָסערער ער איז איצט, ווו ער וווינט. זאָל נאָר זיין נאָמען איבערבלייבן אין איר זכרון.

און זי וועט חתונה האָבן פאַר סקאַרינינען, אָדער גיין צו מאַזאָווסקין, צו שירווינסקין. אויב ס'איז נישטאָ קיין אַרבעט, וואָס זאָל פאַרזיכערן די עקזיסטענץ, מוז מען זיך ווי ס'איז נישט איז איינאָרדנען, גיין אויף אַ קאָמפּראָמיס, און דערנאָך ליב האָבן, כּל זמן מען קען, כּל זמן מ'איז יינג, שיין. כּל זמן ס'איז דאָ כּוח...

יענער זאָל פאַרבלייבן, ווי אַ טרוים, ווי אַ טאַליסמאַן, וואָס מען טראָגט אויפן האַרץ... ווייל ווי אַזוי לעבט מען, ווען מען ליבט אויף אַן אמת? דאָס ווייסט קיינער נישט... ווי אַזוי ברענגט מען נישט אום זיין ליבע, ווי אַזוי גלויבט מען אין זיין ליבע ביזן סוף?...

אָבער פאַרוואָס איז אַזוי שרעקלעך צו ווערן אַ חיה, צו נעמען און אָפּגעבן, און צו פאַרגעסן וועגן דער פאַרגאַנגענהייט?...

פאַרוואָס איז אַזוי שרעקלעך, נישט פאַר מענטשן, נאָר פאַר זיך אַליין?

עפּעס אין אַן אָוונט איז סקאַרינין אַריינגעקומען צו די חברטעס. ער איז געקומען, אַ בלייכער, אַן אויסגעמאָגערטער. קענטיק ער האָט פיל דורכגעטראַכט פאַר דער לעצטער צייט. אומרויק און פרעגנדיק האָט ער אַ קוק געטון אויף אָלגאַן און באַלד אויפגעשיינט, דערזעענדיק איר פריינדלעכן בליק.

אָלגאַ האָט אויך נישט אומזיסט דורכגעלעבט די לעצטע טעג. זי האָט אַלץ קלאָרער און קלאָרער געזען פאַר זיך דעם איינציקן אויסוועג פון אָט דעם לעבן.

אַלץ פעסטער איז זי געקומען צום באַשלוס, אַז אומזיסט האָט זי געוואָלט איינאָרדנען איר לעבן אויף אַן אַנדערן אופן, אַז זי דאַרף, אַפנים, גיין אויפן וועג פון איר מוטער און באָבע — מען דאַרף וערן אַ פרוי און באַלעבאָסטע, מען דאַרף נאָר וועלן, און ס'איז גאָרנישט אַזוי שווער זיך אויסצולערנען דאָס.

זאָל זיין, אַז זי גלויבט נישט דעם, אַז דאָס איז דער איינציקער ווירדיקער באַרוף פון דער פרוי, אָבער דאַרף מען דען אַ פאַראַנטפערונג, ווען דער מענטש איז פשוט אויסגעמאַטערט און וועט צופרידן זיין פון אַ שטילן האַפן.

ס'איז גענוג זיך צו נעמען אין די הענט, כדי צו דער-פילן די פליכטן פון אַ פרוי און באַלעבאָסטע, אָן גלויבן, אָבער מיט אַ געפיל פון פליכט, אַזוי ווי דו דערפילסט דיינע פליכטן אויף אַ שטעלע. כ'לעבן ס'איז גאָרנישט אַזוי שווער, ערגער איז צו ווערן אַ קאָקעטין, דאָ איז שוין גאָרנישט דאָ אַ חוץ קויפן און פאַרקויפן, דאָ קוקט שוין צו בולט פון או-מעדום אַרויס דער שמוץ, דאָס חיהשע.

אַ חוץ דעם קען זי דערפילן די דאָזיקע אויפגאַבע ווייל סקאַרינין איז איר ווייט נישט עקלדיק. פאַר די לעצטע טעג האָט זי זיך פאַרבענקט נאָך אים, פאַרבענקט נאָך זיין געריירט קול, נאָך זיין ליבנדן בליק, נאָך זיין קליינעם קיילעכדיקן גע-שוירענעם קאָפּ... אין וועלכן ס'בלאָנקען זיך אַרום אַזוי פיל געדאַנקען וועגן איר.

ווען זי האָט אים דערזעען אויף דער שוועל פון איר צימער, האָט זי זיך נישט געקענט איינהאַלטן פון אַ פריידיקן אויסגעשריי און זי האָט זיך איילנדיק אויפגעהויבן.

זי האָט אים אויסגעשטרעקט ביידע הענט און טיילנעמענד אַריינגעקוקט אין זיינע אויגן מיטן רעכט פון אַ פרוי, וואָס ווייסט זיכער פון איר השפעה איבערן מאַן.

ראַיסאַ איז באַלד אַוועקגעגאַנגען, אַ שמייכלנדיקע, אַ פאַר־שטענדיקע, און זיי זענען ביידע איבערגעבליבן אַליין.

זיי האָבן זיך געזעצט איינער לעבן צווייטן אויף דער קאַנאַפּע, און די ערשטע האָט אָנגעהויבן צו רעדן אָלגאַ, אַרויס־רופנדיק סקאַרינינען אויף אָפנהאַרציקייט, באַוועגנדיק אים, ער זאָל זיך איר אָפן מודה זיין אומצופרידנקייט.

אַ פריידיקער און צעמישטער, האָט ער געקוקט אויף איר מיט שיינענדיקע אויגן און איז איר אַלץ מוחל געווען. ער האָט נאָך נישט געזאָגט דאָס לעצטע וואָרט, אָבער אָלגאַ האָט געפילט, אַז דאָס וואָרט ציטערט אים אויף די ליפּן, אַז ער וואָלט עס געוואָלט טויזנטער מאָל איבערחזרן.

און פול מיט צערטלעכקייט פאַר אָט דעם ייִנגל (אין דער מינוט האָט זיך איר געדאַכט, אַז זי איז אַ סך עלטער פון אים) אַ מיטגעריסענע פון זיין געפיל, פון זיין שמחה, האָט זיך אָלגאַ אויפגעהויבן און אָנכאַפּנדיק זיין קאָפּ מיט די הענט, האָט זי אים צוגעדריקט צו זיך.

— גוטער מיינער, טייערער...

דערנאָך איז זי אַנידערגעפאַלן אויף די קישנס פון דער קאַנאַפּע און זיך צעוויינט.

זי האָט אַליין נישט געוווסט פון וואַנבן די טרערן האָבן זיך גענומען, זי האָט אָבער נישט געקענט זיי איינהאַלטן.

זיי האָבן איר אויסגענעצט דאָס גאַנצע פּנים, די הענט, דאָס לעדערנע קישן פון דער קאַנאַפּע — אַזוי פיל זענען זיי געווען, מיט אַזאַ קראַפט האָבן זיי זיך אַ גאָס געטון פון די אויגן.

סקאַרינין האָט זיך אָנגעבויגן איבער איר, אַ דערשיטער־

טער ביז דער טיפעניש פון זיין נשמה מיט איר צער. ער האָט דערשראָקן געפּליסטערט:

— אָלגאַ וויטאַליעוונאַ, אָליאַ, וואָס איז מיט אייך, וואָס איז מיט דיר? מ'דאַרף נישט וויינען, באַרויק זיך... דו ביסט דאָך מרוצה, דו האָסט מיך ליב, וועסט זיין מיין פרוי, מיר וועלן אַוועקפאָרן פון דאַנען... גאָט מיינער, ווי ליב איך האָב דיך!

ער האָט געמורמלט אָפּגעריסענע ווערטער, פאַרצווייפלט פון אירע טרערן און יובלענדיק.

ענדלעך, האָט זי זיך גענומען אויפהויבן. ער האָט זי אַרומגענומען און, נישט אַרויסלאָזנדיק זי פון די הענט, האָט ער אָנגעהויבן צו קושן איר נאַס פּנים, די אויגן, די האָר.

זי האָט שטיל אַ זאָג געטון:

— לאָז מיך אַליין... זיי נישט בייז, ביז מאָרגן...

ער האָט געוואָלט זי אָפּוועגדן. אָבער זי האָט געקוקט אויף אים מיט אַ שטומער בקשה.

דעמאָלט איז ער שטיל אויפגעשטאַנען, אַ קוש געטון זי אין שטערן און איילנדיק אַרויסגעגאַנגען.

זי איז געלעגן אומבאַוועגלעך, ביז די איינגאַנגס - טירן האָבן זיך פאַרקלאַפּט. אירע אויגן זענען אויסגעטרוקנט געוואָרן און האָבן זיך געגליטשט איבערן סופיט.

דערנאָך איז זי אויפגעשפּרונגען פון דער קאַנאַפּע, אָנגעטון דעם מאַנטל מיטן היטל, גענומען די „מופקע" און אַרויסגעלאָפן אויף דער גאַס.

ס'איז געווען אַ שטילע פראָסטיקע נאַכט, אַ זילבערנער שניי האָט באַדעקט די דעכער פון די ווייטע הייזער און די פוסטע גאַסן. דער באַזונדער ריינער און מוטיקער הימל האָט זיך געטילט אין אַ ראָזער פאַרע. לויטן מאַטן אומבאַוועגלעכן ליכט, וואָס האָט זיך געגאָסן פון אויבן, האָט מען זיך געקענט משער זיין וועגן דער לבנה.

אָלגאַ האָט זיך אויף אַ מינוט אָפּגעשטעלט ביים טויער, און דערנאָך שוין נישט אומקוקנדיק זיך, אַוועקגעגאַנגען.

זי האָט געוואָלט בלייבן אַליין, פאַרשטיין איר שטימונג,

אירע טרערן. ערשט נישט לאַנג איז זי געווען אַזוי רויק, כמעט גליקלעך. וואָס האָט זי איבערגערודערט? זענען דאָס נאָר נערוון, אָדער נאָך עפּעס? זי האָט זיך צוגעהערט צו זיך: דאָס האַרץ האָט אומפאַרשטענדלעך געווייטיקט. אָבער וואָס, וואָס? וואָס האָט עס באַאומרויקט?

זי איז סקאַרינינס כלה, זי איז, ענדלעך, ביי אַ שטילן האַפן. זי וועט מוזן דערפילן אירע פליכטן און וועט געפונען מנוחה און ליבע.

נו, יאָ, דאָס איז עס... אַוודאַי, וועט זי נישט פאַרהוילן פונם חתן איר פאַרגאַנגענהייט, אָבער נישט דאָס איז די צרה. ער האָט ליב, ער וועט מוחל זיין... אָבער ווי אַזוי וועט זי לאַנגע יאָרן, ס'גאַנצע לעבן פאַרהוילן, אַז זי איז נישט קיין אמתע פרוי, קיין אמתע מוטער? ווי אַזוי וועט זי דאָס איבערטראָגן אָן גלויבן, אָן דעם געפיל, אַז אַזוי דאַרף זיין? ווי אַזוי וועט זי דערציען אירע קינדער, וואָס וועט זי זיי זאָגן, וואָס פאַר אַ וועג וועט זי זיי אָנווייזן, ווי באַלד זי אַליין ווייסט נישט, ווו דער וועג איז, ווו דער אמת איז? נישט זיין קיין מוטער, זייענדיק אַ פרוי?... צוליב וואָסזשע ליגנט זאָגן, קאָכן מיטאָג, איינאָרדנען אַ דירה, בויען אַ נעסט?...

אָ, גאָט מיינער, ווי אומדערטרעגלעך איז דאָס אַלץ!

אָלגאַ האָט זיך אָפּגעשטעלט, נישט וויסנדיק וואָס צו טון מיט זיך, צו איר האָבן זיך דערנענטערט מענטשן. זי האָט ווידער אָנגעהויבן צו לויפן. מען האָט געפּרוווט זי דעריאָגן, מ'האָט עפּעס געשריגן, געלאַכט.

דער פאַרפרוירענער, מיט שניי און אייז פאַרקאָוועטער פּעטראָגראַד האָט געוואָלט זיין ליידנשאַפטלעך. אין די רעסטאָראַנען האָט געשפּילט מוזיק. אויף די גאַסן האָבן געבלאָנקעט פּראָסטיטוטקעס.

אַוודאַי איז גרינגער צו ווערן אַ געליבטע. אויב דאָ איז פאַראַן בלאָטע, איז אָבער נישטאָ די אומענדלעכע פּיין פון ליגנט.

מען דאַרף ליב האָבן, מען דאַרף גלויבן אין דער נויטיקייט פון פאַמיליען־לעבן, כדי צו האָבן כוח עס צו שאַפן.

ס'איז נישט גענוג צו וועלן, ס'איז נישט גענוג ליב צו האָבן דעם מאַן...

די מאַמע האָט עפּעס געוווּסט די מאַמע האָט געגלויבט, די מאַמע האָט געקענט ליידן...

מאַמע, מאַמעשי...

ווידער האָבן טרערן איר פאַרשטעלט די אויגן. די וויעס האָבן ווייַ געטון—די טרערן זענען פאַרפרוירענע געוואָרן אויף זיי.

מאַמע, לערן מיך אויס, ווו צו גיין, אין וואָס צו גלויבן?

— פרייליין, איך שטיי צו אייער דינסט...

אָלגאַ האָט אויפגעציטערט, פאַר איר איז געשטאַנען עפּעס אַ הער. זי האָט געוואָלט לויפן, שרייען. אָבער פּלוצים איז זי רויק געוואָרן. זי האָט אָנגעטאַפּט אין דער „מופקע" זשעלטורינס קאַרטל און צוגייענדיק צו דער לאַמטערנע, איבערגעלייענט דעם אַדרעס:

— איר וועט מיך צופירן אויפן קאַמענאָ אָסכראָווסק

דער אומבאַקאַנטער האָט זיך שווייגנדיק פאַרנויגט. ער האָט קענטיק נישט דערוואַרט אַזאַ פאָרשלאַג, אָבער אָלגאַס קול האָט געקלונגען אַזוי טרוקן, אַזוי אַנטשלאָסן, אַז ער האָט נישט געקענט אָפּזאָגן.

און די גאַנצע צייט, וואָס אָלגאַ איז געגאַנגען מיטן דאָזיקן מענטש, האָט זי געשוויגן און וועגן עפּעס עקשנותדיק געטראַכט.

---

XIX

זשעלטורין איז געזעסן אין קאַבינעט פון זיין קליינער בחורישער וווינונג, דורך די נעכט האָט ער נישט געאַרבעט, נאָר ליב געהאַט צו זיצן איבער אַן אינטערעסאַנט בוך, אָדער אויסבעסערן אַלטע פערזן, אָדער נישטערן ביי זיך אין ביבליאָטעק און צווישן די מאַנוסקריפּטן. אַזוי פלעגט ער פאַרברענגען די גאַנצע נאַכט.

טיילמאָל פּלעגט ער מיט קליינע שלונגען טרונקען מעד און פאַרבייסן מיט ביסקוויטן. ער האָט זייער ליב געהאַט מעד און ביסקוויט, דאָס איז געווען זיין שוואַכקייט. אַ חוץ דעם האָט ער ליב געהאַט בלומען, ביכער און אַלט מעבל. זיין קליינער, זייער קליינער קאַבינעט איז אינגאַנצן געווען פאַר־פולט מיט טישעלעך, שטולן, קאַנאַפּעס, דורך די ווענט האָבן זיך געצויגן פּאָליצעס מיט ביכער, זענען געהאָנגען גראַוויורן, און אויף די טישן האָבן, צווישן אַלטערטימלעכע מאַבאַקערקעס, קעסטעלעך, זייגערס, געבליט קאָנוואַליעס, אַרכידעען, אַזאַליעס...

דער ריין אָפּראַזירטער, מיט שטרענג צעקעמטע, מיט אַ זייטיקן שרינט, געדעכטע, לאַנגע, אונטערגעשוירענע קאַשטאַן־האָר, אַ שמעקנדיקער מיט צאַרטע מיידלשע פּערפומען, אין אַ ווייכער „פּיזשאַמאָ“ און לאַקירטע שטעק־שיך, איז זשעלטורין געזעסן אין זיין פאָטעל און געלייענט גאָטיען, ווען ס'האָט זיך דערהערט קלונגען.

ער האָט פאַרוואונדערט אַ קוק געטון אויפן פּאָרצעלייענעם זייגער, וואָס איז געשטאַנען אויפן קאַמין. ס'איז שוין געווען נאָך איינס אַ זייגער ביינאַכט.

דאַן איז ער אויפגעשטאַנען און, אַוועקלייגנדיק דאָס ביכל, געגאַנגען דורך די פינצטערע צימערן אינם פּאָדערצימער. דער לאָקיי איז געשלאָפן, און דער באַלעבאָס האָט באַשלאָסן אים נישט צו וועקן.

ס'האָט זיך באַוויזן אַ מאַטאָווע ליכט פון אַן עלעקטריש לעמפל, ס'האָט אַ קלונג געטון דאָס קייטעלע, און אין דער צעפּראַלטער טיר האָט זשעלטורין דערזען אָלגאַן.

— מען קען צו אייך?

— אַדרבה...

ער האָט נישט געפרעגט, נישט געוווּנדערט זיך, נאָר פון איר פּנים האָט ער געלייענט, אַז זי איז אויפגערעגט. די גראָע אויגן זיינע האָבן צערטלעך געקוקט אויף איר.

ער האָט איר געהאָלפן אַראָפּנעמען דעם מאַנטל און זי

אַרײַנגעפירט אין קאַבינעט, ווו ס'האָט געברענט בײַ זײַן פּאָטעל נאָר אַ קלײנער לאָמפּ אינטער אַ גרינעם אַבאַזשור.

זוי מאַטאָווע גאָלד, האָבן פון די ווענט אָראָפּגעגלאַנצט די אײַנבאַנדן פון די ביכער און דאָס גלאָז מיט דעם נישט דערטרונקענעם מעד.

ער האָט אַוועקגעזעצט אָלגאַן אין פּאָטעל, און אַלײן זיך געזעצט דערלעבן אויף אַ שטול מיט דער העפלעכקייט פון אַ באַלעבאָס, וואָס נעמט אויף אַן אײַנגעלאַדענעם גאַסט.

— מײַנע פענצטער האָט דער פראָסט באַמאָלט, עס איז, אפנים, קאַלט אויף דער גאַס. איר וועט טרונקען מעד, כּדי זיך צו דערוואַרעמען?

ניין, זי האָט זיך אָפּגעזאָגט פון מעד און געזעסן שטיל, פאַרשטעקט אינגאַנצן טיף אין פּאָטעל, אַ דערוואַרעמטע מיט דער הײמלעכקייט פון צימער, לײכט פאַרשיכּורט מיטן ריח פון די בלומען.

ס'האָט זיך איר נישט געוואָלט רעדן, און זי האָט געפילט, אַז זי מוז זיך נישט פאַרענטפערן פאַר איר שפּעטן וויזיט פאַר דעם דאָזיקן גוטמוטיקן מענטש.

אַלץ שטילער איז איר געוואָרן אויף דער נשמה פון דער האַלב-טונקלקייט, פון דער וואַרמקייט, פונם פרידלעך, אויפן טיש, צעעפנטן בוך.

— איר ווילט, וועל איך אײַך עפּעס לײענען?

— אָך, יאָ, יאָ, אַדרבה... אָט דעם בוך...

— דאָס איז גאָטיע, אַ פראַנצויזישער פּאָעט, איר פאַרשטייט פראַנצויזיש?

— ניין, אַ ביסל, ס'איז אָבער אַלץ אײנס, לײענט..

ער האָט אויף אַ טראַף אויפגעעפנט און אָנגעהויבן צו לײענען פּאַמעלעך, זינגנדיק:

„Adieu puisgu'il le faut, adieu belle nuit blanche...“

זי האָט זיך נישט פונאַנדערגעקליבן אין די ווערטער. זי האָט נאָר געהערט זײער ריטם, און ס'האָט זיך איר געוואָלט, זי מעגלעך ווײַטער זיך אַרײַנשטופּן אינם ווינקל פון פּאָטעל,

זיך איינדרייען אין אַ קנויל, ווי אַמאָל קינדווייז, נישט באַוועגן זיך און טרוימען.

ווען ער איז אַנטשוויגן געוואָרן און אַ קוק געטון אויף איר דורך זיין גאָלדענער פּענסנע, האָט זי אַ שמייכל געטון צו אים, ווי צו אַן אַלטן אַלטן פריינט, און אויסשטרעקנדיק די הענט, געדרוקט זיין גרויסע וואַרעמע האַנט.

— וואָס פאַר אַ ווילער איר זענט! און ווי גוט איר טוט, וואָס איר פרעגט מיך נישט וועגן גאָרנישט. איך האָב זיך צו אייך אַריינגעריסן ביינאַכט, און איר האָט מיך אַוועקגעזעצט אין אַ פאָטעל און לייענט מיר פּאָעזיע... דאָס איז אפשר אַ ביסל קאָמיש, אָבער ס'איז גוט כ'לעבן, זייער גוט... און ס'איז גוט, וואָס איך בין פאַר אייך נישט קיין פרוי, און איר זענט פאַר מיר נישט קיין מאַנספּאַרשוין... מיט קיין ברודער וואָלט איך נישט געקענט אַזוי רעדן, ווי מיט אייך... און אייך וועל איך זאָגן... מיר איז געווען אַזוי שווער, איך האָב זיך פאַרפּלאָנטערט, און אָט בין איך געקומען צו אייך—און ס'איז מיר גרינגער געוואָרן... איר ווייסט, איך בין דאָך אַ כּלה?

— אַ כּלה?

— יאָ, איך האָב חתונה מיט אַ ווילן, גוטן מענטש, וואָס האָט מיך ליב... ער געפעלט מיר אויך...

זי איז פאַרשוויגן געוואָרן, צוואַרטנדיק; זשעלטורין האָט אויך געשוויגן, אָבער אויף זיין פּנים האָט זי געזען, אז ער איז פאַרוווּנדערט.

— אייך זעט אויס מאָדנע, וואָס איך האָב זיך פאַרפּלאָנטערט, וואָס מיר איז שווער... יאָ?...

— יאָ און ניין — איך קען אייך כּמעט נישט...

דעמאָלט האָט זי אָנגעהויבן צו רעדן. זי האָט אים איבערגעגעבן אַלע אירע געדאַנקען, אַלע ספקות. זי האָט אים איבערגעגעבן אַלץ, וואָס האָט זי אַזוי לאַנג געמאַטערט. זי האָט אים דערציילט וועגן דער מוטער, וועגן פאָטער, ברודער, וועגן איר גימנאַזיסטיש לעבן, וועגן אירע חברטעס; זי האָט צום ערשטן מאָל, ווי פאַר זיך אַליין, אויפגעעפנט דאָס בוך פון

איר פאַרגאַנגענהייט און זיך געאיילט איבערצובלעטערן אַ בלאַט נאָך אַ בלאַט. זי האָט נאָר פאַרשוויגן וועגן אים, וועגן יענעם, וועמענס בילד איז אפשר געווען אין דעם צימער, וועמענס קול האָט אפשר נישט לאַנג נאָך — ווער ווייסט? — דאָ געקלונגען. זי האָט אויך נישט פאַרהוילן איר פאַלן און וואַסיאַס טויט. זי האָט אַכזריותדיק אָפּגעדעקט איר נשמה, זוכנדיק עפּעס אין זיך און אין אַנדערע, נישט געפינענדיק און פרווונדיק נאָכאַמאָל זוכן.

ווי אַ פויגל, וואָס שלאָגט זיך אָן די אייזערנע ריטער פונם שטייגל—וואָס מעיי ס'טוט ווי, אַלץ עקשנותדיקער.

---

XX

גלייכמעסיק — נישט אַראָפּפאַלנדיק, נישט צעברעגענדיק זיך — האָט דער עלעקטרישער לאָמפּ צעגאָסן אַרום אַ גרינד-לעכע שיין; פרידלעך איז געלעגן דאָס צעעפנטע בוך מיט די פּערלדיקע שורות פון גאָטיען; ווי מאַטאָווע גאָלד האָט גע-גלאַנצט דער מעד אינם געשליפענעם גלעזל; פאַרשכורט האָבן געעטעמט די בלומען און צוזאַמען מיט די טריט פון דער פראַסטיקער נאַכט האָבן אונטערן גלאָז געציילט די צייט — די גאָלדענע ווייזערס פונם פאָרצעלייענעם זייגער אויפן קאַמין.

איצט האָט גערעדט זשעלטורין, און אָלגאַ האָט געשוויגן, מיט אַ זיידענעם קישן אויפן שויס, מיט דינע, אויף אים אויס-געצויגענע הענט.

— אַזוי, אַזוי... יאָ, יאָ... דאָס אַלץ, וואָס איר האָט מיר נאָר וואָס דערציילט, איז מיר באַקאַנט... איך האָב נאָר נישט געוווסט, אַז ס'איז שוין געקומען די צייט, ווען קינדער וועלן דערפון רעדן... אַוודאַי, האָט מען דאָס געקענט דערוואַרטן, אַנדערש האָט נישט געקענט זיין. דאָס אַלטע איז געשטאָרבן, ס'איז געשטאָרבן זיין אינהאַלט; און די פאָרמען זיינע זענען אויך צעפאַלן געוואָרן. קיין פאַמיליען-לעבן איז נישטאָ ביי אונז, ס'איז נישטאָ אַפילו דאָס באַוווסטזיין, אַז עס דאַרף זיין,

ניסט קוקנדיק אויף גאָרנישט... ס׳איז נישטאָ צוליב וואָס צו ליידן... יאָ, איך פאַרשטיי אייך... ס׳איז נישטאָ צוליב וואָס צו ליידן... אייער מוטער האָט עס נאָך געקענט, זי האָט זיך נישט צעבראָכן, זי האָט זיך אונטערגעגעבן דעם אומפאַרמיידלעכן; זי האָט אַנדערש נישט פאַרשטאַנען די ליבע, אָבער קיין פאַרנונפטיקייט האָט אין איר פאַמיליען-לעבן שוין נישט געקענט זיין, די לאָגיק איז אַוועק, ס׳זענען פאַרבליבן נאָר די געבאָטן. געבאָטן זענען טייער נאָר פאַר די יעניקע, וועלכע זענען אויף זיי אויסגעוואַקסן. פאַר אייך זענען זיי נישט נוצלעך. ס׳וואָלט זיך געדאַכט, אַז ס׳איז גרינג צו לעבן—ס׳איז נישטאָ קיין פליכטן, וואָס זענען פאַרהייליקט פון דער פאַמיליע, פון דער געזעלשאַפטלעכער מיינונג, אַלץ איז דערלויבט, מען דאַרף נאָר געבן דער פרוי די זעלבע מעגליכקייט, ווי דעם מאַן... און אָט איז געקומען דאָס שרעקלעכסטע... ווי אַזוי אָפּהיטן די ליבע, ווי אַזוי ליבן?... פריער האָבן פאַרענטפערט אַלע געמיינהייטן — די פאַמיליע, דאָס חתונה האָבן — איצט איז נישטאָ קיין פאַרענטפערונג, ס׳איז נישטאָ קיין פאַרגעבונג פאַר די, וועלכע דערשטיקן די ליבע, פאַרגעסן אָן דער נשמה, אַלץ מעג מען און מ׳טאָר גאָרנישט... אומזיסט האָט מען זיך געפרייד, אומזיסט זיך מיט ווײַן פאַרשפּרייט... מיר זענען געוואָרן באַנקראָט... מיר פאַרמאָגן גאָרנישט. פרייע ליבע — ווי געמיין דאָס קלינגט איצט... צום באַדויערן זענען מיר נישט קיין חיות און ביטער איז די אויסניכטערונג... אָרים מיידעלע—איר זענט נישט די איינציקע, אָבער ווי שווער איז אייך... וואָס עצה׳ן אייך? וואָס לערנען?... איך וואָלט געזאָגט: ליבט נישט, לעבט פאַר זיך... אָבער איר זענט יונג, שיין, איר מוזט ליבן, און יעדעס מאָל וועט אייער ליידנשאַפט זיין פאַר אייך אַ נייער פיין, אַ נייער ווייטיק... און חתונה האָבנדיק, וועט איר פאַרמוטשן אייער מאַן, זיך אַליין, איר וועט אַ תּל מאַכן פון אייערע קינדער... קינדער... ווי פיינלעך איז דאָס, וואָס מיר רופן האָבן ווייניקער פון אַלע עלטערן ליב אונזערע קינדער... צום ווייניקסטן טראַכטן מיר וועגן זיי — זיי וואַקסן ביי אונז, ווי

ווילד גראָז ביים וועג, דערפאַר איז אונז, רוסן, אַזוי ביטער, און מיר וואַרפן זיך, און פון ערשטן טריט אָן בויען מיר אונ־זער לעבן יעדער לויט זיין שטייגער. דערפאַר שלאָגט אונז דאָס לעבן ווייטיקליכער איבער די אָפענע ווונדן. וויפיל כחות גייט אַוועק אויף דעם...

זשעלטורין איז ווידער צוגעגאַנגען צו אָלגאַן און אָנגע־נומען אירע הענט.

– זייט מיר מוחל, איך האָב זיך צעפילאָזאָפירט... אַ פאַר־שאָלטענע טבע... און איר זיצט דאָ און הערט מיך... און אייער פנים איז אַזוי שטיל, גלייך ווי איר וואָלט געזען חלומות אויף דער וואַך...

– ניין, איך טראַכט וועגן יענער „אומבאַקאַנטער" אויף דער אויסשטעלונג – זי איז אויך אַזעלכע...

– אָבער דאָס איז דאָך–איר... דער קינסטלער האָט אייך בעסער פאַרשטאַנען, ווי איך...

און פלוצים האָט ער, פאַרשעמט און פאַרלעגן געפרעגט:

– זאָגט מיר, איר האָט דאָך ליב עמעצן, נישט אייער חתן, נאָר אַ צווייטן...

גלייך ווי זי וואָלט דערוואַרט די פראַגע, האָט אָלגאַ געענטפערט:

– יאָ, איך האָב ליב אייער פריינט...

זי האָט צום ערשטן מאָל הויך אַרויסגעזאָגט איר סוד, און אַזוי משונהדיק האָבן פאַר איר געקלונגען אָט די ווערטער. גלייך ווי זי וואָלט צום ערשטן מאָל און אויף שטענדיק זיך גענומען די רעכט צו זאָגן עס. און זי איז געזעסן מיט ברייט געעפנטע אויגן, אין וועלכע ס'האָט זיך אָפּטמאָל אָפּגעשפיגלט דאָס קאַלטע ליכט פונם לאָמפּ, מיט אַ מיד־מיד פנים, מיט הענט, וואָס זענען געווען הינטער פאַרוואָרפן אויפן קישן.

זשעלטורין האָט פאַרלוירן איר נאָכגעזאָגט:

– מיין פריינט?... וועמען־זשע?

און באַלד, ווי באַלויכטן פון עפּעס אַ געדאַנק האָט ער כמעט אויסגעשריגן:

— דעם מאָלער? אָבער פּאַרוואָסזשע האָט איר קיין איינ־מאָל נישט געפרעגט וועגן אים? איר זעגט, ווי געלאָפן פון אים? ניין, גישט דאָס... אַוודאי, אַוודאי... גאָט מיינער, ווי אַכזריותדיק די ליבע איז... אָבער צוליב וואָס מאַטערן זיך?... ווען איך וואָלט געוווסט — ער איז דאָך נאָך היינט געווען ביי מיר... מיר האָבן גערעדט מיט אים, וועגן אייך...

אָלגאַ האָט אויסגעשריגן. אַלץ ברייטער און ברייטער האָבן זיך געעפנט אירע אויגן בשעת דער שריפטשטעלער האָט גערעדט, און איצט האָט זי זיך אויסגעצויגן, אויפהויבנדיק זיך אין פּאָטעל, און אויסגעשריגן...

דערנאָך האָט זי זיך הילפלאָז אַראָפּגעלאָזט מיטן קאָפּ אַראָפּ.

---

XXI

אָלגאַ האָט לאַנג און מאַטערנד געחלשט. אין אָנהויב האָט זי געקרעכצט; גלייך ווי זי וואָלט אַוועקגעשווומען ערגעץ און געוואָלט זיך אָפּשטעלן, פאַרהאַלטן זיך אויפן אָרט, האָט זי זיך געהאַלטן אָן די הענטלעך פון פּאָטעל. דערנאָך איז זי שטיל געוואָרן, פאַרשטאַרט געוואָרן, אויפהערנדיק צו עטעמען.

דער צעמישטער זשעלטורין האָט נישט געקענט געפונען איר דופק, צעפליעסקעט דאָס וואַסער, אונטערגעטראָגן איר צו דער נאָז, אָנשטאָט ספּירט—פּערפומען. ענדלעך האָט ער פאַר־מאַטערנדיק זיך, איבערגעטראָגן אָלגאַן צו זיך אין שלאָפצימער אויפן בעט און אויפוועקנדיק דעם לאָקיי, אים געשיקט נאָך אַ דאָקטאָר.

אַן אויפגערעגטער איז ער אַרומגעגאַנגען איבער די צי־מערן און פאַרלאָשן און ווידער אָנגעצונדן די עלעקטריע.

דערהערנדיק טריט, האָט ער זיך געוואָרפן אין פאָדער־צימער, בעטנדיק רחמים דעם דאָקטאָר, ער זאָל זיך צואיילן. ענדלעך איז זיין גאַסט געקומען צו זיך. אויף די באַקן

האָט זיך באַוויזן די פּאַרב, די ליפּן האָבן אַ שמייכל געטון צום לעבן. דער דאָקטאָר האָט לאַנג באַטראַכט און אויסגעהערט די קראַנקע. אַ פּאַרזאָרגטער איז ער אַריינגעגאַנגען אין קאַבינעט צו ניקאָלאַי געראַסימאָוויטשן; ער האָט פּאַרוואונדערט צעפּירט מיט די הענט.

— ווער איז זי?

— אַ פרייליין פון אַן אינטעליגענטער פאַמיליע, האָט געענדיקט גימנאַזיע...

אָבער אַלץ האָט גערעדט פאַר דעם, אַז די פרייליין הונגערט שוין לאַנג — דער גאַנצער אָרגאַניזם איז אויסגעמאַטערט, די נערוון זענען דערשיטערט, שטאַרקע בלוטאָרימקייט — קלאָרע סימנים פון נישט דערעסן, פון אָפּטע הונגער-טעג.

דער דאָקטאָר האָט געהויבן מיט די אַקסלען — דאָס איז געווען איבער זיין פאַרשטאַנד.

דער שריפטשטעלער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ. אים האָבן אַראָפּגעפירט פון זינען די אָנגעשוואָמענע פון אַלע זייטן, געדאַנקען וועגן אָלגאַן.

זי איז אַנטשלאָפן געוואָרן און דער אָרעאָל פון אירע קאַשטאַן-האָר אויף זיין קישן, אויף וועלכן ס׳האָט נאָך קיינמאָל נישט גערוט קיין פרוי, און ער איז געזעסן איבער איר, נישט פאַרמאַכנדיק קיין אויג, די פאַרבליבענע טייל פון דער נאַכט.

ערשט צוויי אַ זייגער בייטאָג, האָט זיך אָלגאַ אויפגעכאַפּט. דער שלאָף האָט זי געשטאַרקט, זי האָט זיך געפילט מונטער.

זשעלטורין איז געשלאָפן, אָנגעשפּאַרט אינם ווענטל פון דער שטול.

ס׳איז איר אַ שאָד געווען צו וועקן אים, און זי איז געלעגן, אומבאַוועגלעך, פול מיט דאַנקבאַרקייט צום דאָזיקן מענטש.

דורך די געלע פאָרהאַנגען איז דאָס ליכט קוים אַריינגעדרינגען אין שלאָפצימער.

אַ ברייט פון ניס-האָלץ, אַלטמאָדיש בעט, אַן ענלעכע

טואַ־עטקע מיט אַן אָנגעבויגענעם באַוועגלעכן שפּיגל, צוויי שטולן, אַ טעפּיך, אויף דער וואַנט — אין אַ ראַם אויך פון ניס־האָלץ אַ פּאָרטרעט פונם באַלעבאָס — אַ יונגל, אין ווייסע אויסגעלייגטע קעלנערלעך און מיט אַ ווייך מויל.

אויף די שפּיץ־פינגער איז צו די טיר צוגעגאַנגען דער לאָקיי. די טיר האָט אַ סקריפּ געטון. זשעלטורין האָט זיך אַ ריר געטון און אויפגעעפנט די אויגן. אָן דיברילן האָט ער שוואַך געזען און קאָמיש געזשמורעט די אויגען. דערנאָך האָט ער זיך אויפגעהויבן פון דער שטול, מורא האָבנדיק אַ קוק צו טון אין אָלגאַס זייט.

— גוט מאָרגן, ניקאָלאַי געראַסימאָוויטש!

— גוט מאָרגן, גוט מאָרגן... ליגט נאָר רויק און באַוועגט זיך נישט... איר דאַרפט האָבן פולשטענדיקע רו. איך וועל אַוועקגיין נאָך עפּעס וואָס, און איר וועט לייענען אַ ביסל...

ער איז אויפגעשטאַנען, בכדי אויפצוהויבן דעם פאָרהאַנג, אָבער זי האָט זיך קייגנגעשטעלט.

זי האָט געוואָלט אויפשטיין און פאַר יעדער פּרייז פאָרן אַהיים. וואָס טראַכט זיך ראַיסאַ! ווי אומרויק זי איז...

אומזיסט האָט ער זי אָפּגערעדט, — זי האָט זיך געהאַלטן ביי אירס.

אין אַ האַלבע שעה אַרום זענען זיי שוין געפאָרן אויף אַ דראָזשקע אַהיים. זיי האָבן געשוויגן, אָדער גערעדט וועגן נאַרישקייטן. קיין אייגער פון זיי האָט נישט דערמאָנט די פאַר־גאַנגענע נאַכט — גלייך ווי זי וואָלט נישט געווען, גלייך ווי זיי וואָלטן זיך נאָר וואָס באַגעגנט.

אין דערהיים האָבן אויף זיי געוואַרט די באַאומרויקטע ראַיסאַ און סקאַריבין.

סקאַריבין איז געקומען היינט זייער פרי. ער האָט נישט געקענט בלייבן אַליין. ער איז נישט געשלאָפן אַ גאַנצע נאַכט, טראַכטנדיק וועגן אָלגאַן. ער האָט נישט געלאָזט שלאָפן סע־ריאָזשאַן, ביי וועלכן ער האָט, אַזוי ווי אָלגאַ ביי זשעלטורי־נין, אָנגעקלאַפּט נעכטן זייער שפּעט. ער האָט געוואָלט וואָס

ניכער זען זיין כלה, נאָכאַמאָל איר זאָגן וועגן זיין ליבע. איצט האָט זי אים אויסגעזען אומדערגרייכבאַר און הויך. אירע ליידן, וועלכע ער האָט אָפּגעפּילט, האָבן זי געמאַכט פאַר אַ הייליקע.

ראַיסאַ האָט זיך זייער פאַרוואונדערט, נישט טרעפנדיק אָלגאַן אין דעהיים. איינשלאָפנדיק, אַ מידע, האָט זי צו מאָר־גענס נאָך מער זיך באַאומרויקט. זי האָט געפרעגט די באַלע־באָסטע, וואָס איז געשען. אָבער יענע האָט אַפילו נישט גע־הערט, ווען אָלגאַ איז אַוועקגעגאַנגען.

די אַלטע האָט אָנגעהויבן חושד צו זיין. אַז אָלגאַ איז אַוועקגעגאַנגען מיט סקאַרינינען... די מיידלעך — זיי זענען דאָך היץ־קעפּ!

אָבער ווען סקאַרינין איז געקומען און אָנגעהויבן אויס־צופרעגן זיך אויף אָלגאַן, דערקלערנדיק דערביי, אַז זי איז זיין כלה, האָט זי געביטן איר מיינונג און אָנגעהויבן צו מאָלן שרעקלעכע בילדער.

ראַיסאַ האָט פאַרהוילן פונם חתן אָלגאַס ביינאַכטיגע פאַרשווונדן ווערן. זי האָט נאָר געזאָגט, אַז, אַז זי איז ערשט נישט לאַנג אַוועקגעגאַנגען און פאַרפאַלן געוואָרן.

אַזוי זענען זיי געזעסן, איבערוואַרפנדיק זיך מיט אָפּגע־ריסענע פראַזן, און געוואַרט. ענדלעך האָבן אָלגאַ מיט זשעל־טורינען אָנגעקלונגען ביי דער טיר. זשעלטורין האָט געבעטן דערלויבניש אַריינצוגיין אין צימער.

ער האָט זיך געוואָלט באַקענען מיט דער באַלעבאָסטע און מיט ראַיסאַן.

ביי געלעגנהייט האָט ער זיך באַקענט אויך מיט סקאַרי־נינען, וועלכען ער האָט געזען אין שענק, אָבער נישט באַקענט זיך מיט אים.

דער שריפטשטעלער האָט איינגעפונען, אַז דאָס צימער איז זיכער באַקוועם און געמאַכט דער זיך צעגייענדער באַלע־באָסטע עטלעכע שמייכלדיקע באַמערקונגען.

— איך בין אָלגאַ וויטאַליעוונאַס אַ גוטער באַקאַנטער, — מיר זענען מיט איר גוטע פריינט, — האָט ער געזאָגט.

זיין צילינדער און פוטערנער מאַנטל האָבן אויף דער אַלטער געמאַכט אַן איינדרוק. זי האָט זיך געגויגט און געדאַנקט.

שפּעטער אַ ביסל האָט אָלגאַ געבעטן זי איבערצולאָזן אַליין מיט סקאַרינינען.

— איך דאַרף איבעררעדן מיט אים,—האָט זי דערקלערט— און כ׳וואָלט עס געוואָלט שוין טון... אַננאַ איוואַנאָוונאַ וועט נישט אָפּזאָגן אייך, ניקאָלאַי געראַסימאָוויטש און ראַיסאַ צו זיצן דערווייל ביי איר...

די באַלעבאָסטע האָט, פאַרשטייט זיך, גאָרנישט געהאַט קייגן דעם; אָבער זשעלטורין האָט פאָרגעלייגט ראַיסאַן זיך דורכצוגיין אַביסל:

— היינט איז זייער אַ מילד וואַרעם וועטער. מ׳דאַרף אויס־נוצן, — האָט ער פאַרזיכערט.

XXII

ווען ראַיסאַ האָט זיך אומגעקערט, איז שוין סקאַ־רינין נישט געווען.

אָלגאַ איז געזעסן ביים טיש און איבערגעלייגט עפּעס פּאַפּירן. איר פּנים איז געווען בלאַס, אַזוי ווי אין דער פרי (דאָס חלשות האָט זי דאָך עפּעס געקאָסט), אָבער רויק און אַנטשלאָסן.

— וווּ זשע איז סקאַרינין?—האָט ראַיסאַ געפרעגט, אַרויס־רייצנדיק אויפן טיש אַ גאַנצן באַרג מיט פאַרשידענע פּעקלעך.

— ער איז אַוועקגעגאַנגען...

— ער וועט זיך גיך אומקערן?

ראַיסאַ האָט נישט אַראָפּגענומען די אויגן פון דער חברטע.

— אָך, פרעג נישט אַזוי פיל! נו, ער וועט קומען, אָדער

נישט קומען, פון וואַנען ווייס איך? דו זאָג בעסער, ווו דו האָסט דאָס אַלץ געגומען?

ראַיסאַ האָט זיך אַ ביסל פאַרלוירן, און דערנאָך, איינ־זשמורנדיק כיטרע די אויגן, געענטפערט:

— כ'בין רייך געוואָרן, האָב איך געקויפט. דאָ איז דאָ אַ רעצעפּט פאַר דיר, פּוטער, זעמל, קאָלבאַס, קעפיר, אַ מאַסע גוטע זאַכן...

פאַרשטייענדיק שוין, אין וואָס ס'האַנדלט זיך, האָט אָלגאַ אַ זאָג געטון:

— פאַרדריי נישט קיין קאָפּ, ראַיקאַ... רעד צו דער זאַך!

דעמאָלט האָט ראַיסאַ, פאַרהאַקנדיק זיך, דערציילט, וואָס זשעלטורין האָט איר געזאָגט, ווי ער האָט זיך דערוווּסט וועגן זייער הונגערן, ווי ער האָט אַליין אַלץ פאַרשטאַנען, און איז צוזאַמען מיט איר געגאַנגען דאָס אַלץ איינקויפן. כ'לעבן, זי האָט אים גאָרנישט דערציילט, ווייל ער האָט אָן איר אַלץ געוווּסט. און מען דאַרף זיך נישט בייזערן... מען דאַרף זיך נישט ברעקלען מיט אַזעלכע מענטשן. מען מוז דאָך עפּעס טון, בכדי נישט צו שטאַרבן פאַר הונגער. אָלגאַ האָט צופיל פאַנ־טאַזיעס, און מיט דעם קען מען ווייט נישט אַוועק.

ראַיסאַ האָט נאָך לאַנג פאַרענטפערט זשעלטורינען, און אָלגאַ האָט זי געהערט און געשמייכלט.

— אָבער איך האָב גאָרנישט בדעה זיך צו בייזערן, — האָט זי ענדלעך געזאָגט, — פונוואַנען נעמסטו דאָס?... ער איז זייער אַ ווױלער. זיין הילף איז נאָר אָנגענעם.

ראַיסאַ האָט כמעט נישט געשפרונגען פאַר פרייד.

— נו, אָלגאַ ביסט אַ „מאָלאָדיעץ", אַזוי האָב איך ליב!

די באַלעבאָסטע האָט געבראָטן געפרעגלטע אייער. די אַלטע איז געווען זייער אויפמערקזאַם. זי האָט זיך געזעצט אויף אַ שטול לעבן די מיידלעך, לאַנג גערעדט וועגן דעם, ווי געזונט ס'איז צו עסן אייער, און מען האָט געקענט מיי־נען, אַז זי באַציט זיך שטענדיק אַזוי זאָרגפעלטיק צו אירע קאָקאַטאָרקעס.

— ווען זי איז ענדלעך אַוועקגעגאַנגען, האָט ראַיסאַ גע־פרעגט אָלגאַן:

— ניין, דו זאָג מיר פּאָרט, וואָס איז מיט סקאָרינינען? כ׳פיל, אַז ביי אייך איז ווידער נישט פריילעך...

אָלגאַ האָט רויק געענטפערט:

— איך האָב אים אָפּגעזאָגט. כ׳האָב אים געזאָגט, אַז אין טויג נישט פאַר קיין פרוי.

ראַיסאַ האָט אַ פּאַטש געטון מיט די הענט:

— אַך גאָט מיינער! און ער וואָס?...

אָלגאַ האָט געשוויגן. דערנאָך, אַוועקגייענדיק צום פענצ־טער און קוקנדיק אויף די אייז־בלומען, האָט זי געענטפערט:

— ער האָט אויסגעזען אַזוי אומגליקלעך, ווען ער איז אַוועקגעגאַנגען...

— נו, איך פאַרשטיי. דאָס איז, דער טייוול ווייסט וואָס!... דאָס איז געוויסנלאָז, אוממענטשלעך! אַזוי קען מען נישט שפּילן מיט קיין מענטשן... ווען וואָס טראַכטסטו, אָלגאַ?

נישט אומדרייענדיק זיך, האָט אָלגאַ אַרויסגעפּליס־טערט:

— ווען דו וואָלסט געוווּסט, פון וואָס איך טראַכט...

און מער האָט זי נישט צוגעגעבן קיין איין וואָרט.

זי האָט געקוקט אויף די פינקלנדיקע בלומען אויף די שויבן, און געשוויגן. ראַיסאַ איז געניט געווען צו שווייגן, און אַן אויפגערעגטע, אַ דענערווירטע, האָט זי זיך געלייגט אויפן בעט.

אין אָוונט האָט ווידער אַריינגעקוקט זשעלטוכין.

ער האָט געבראַכט מעד און ביסקוויטן און דערקלערט, אַז ער וועט בלייבן ביי די מיידלעך אַ גאַנצן אָוונט — אַזוי איז אים געפעלן געוואָרן זייער צימער. ער האָט זיך באַמיט צו זיין פריילעך און יעדערן פריילעך צו מאַכן. ער האָט גע־בעטן די באַלעבאָסטע, זי זאָל אים צוגרייטן אַ וויעטשערע „לויט זיין געשמאַק“, אַליין איר צוגעהאָלפן, און דעם באַלע־באָס האָט ער איינגעבעטן צו שפּילן אויף אַ פידל און זיך אַנטציקט מיט זיין שפּילן.

ראַיסאַ האָט געקייכט ביז טרערן. אָלגאַ האָט געשמייכלט.
דערנאָך האָט דער שריפטשטעלער אַוועקגעפירט אָלגאַן אין אַ זייט און געבעטן, זי זאָל אים ערנסט אויסהערן.
זי האָט אים שטאַרק געדרוקט די האַנט, דאַנקנדיק אים אָן ווערטער פאַר זיין זאָרגפעלטיקייט.
ער האָט זיך פאַרשעמט, פאַררויטלט, אָנגעהויבן צו פאַר-ריכטן די פענסנע און, ענדלעך, געזאָגט, אַז דאָס אַלץ איז אַ נאַרישקייט. אַז מען דאַרף זיך איינאָרדנען אַנדערש און אויף לאַנג. ער האָט איר דערציילט, אַז ער האָט איר אָפּגעזוכט אַן אַנדער צימער—מיט אַלעם גרייטן, ווו זי וועט האָבן אַלע באַ-קוועמלעכקייטן און וועט נישט פאַרגעסן וועגן עסן, אַזוי ווי זי האָט דאָ געטון. — די פריילינס זענען גרייט זיך צו דער-נערן מיט טרוקן ברויט, אַבי צו האָבן די-מעגלעכקייט זיך צו קויפן נאָך אַ סטענגעלע, — האָט ער צוגעגעבן, לאַכנדיק פאַר-שעמט,—און מען דאַרף ביי זיי צונעמען אָט די מעגלעכקייט.— אַ חוץ דעם, זאָל אָלגאַ נישט מיינען, אַז ער סטאַרעט זיך אומזיסט, ניין, זי וועט אַרבעטן אין אַ געוויסער רעדאַקציע, ווו זי וועט באַקומען אַ שטעלע, און אַ חוץ דעם, וואָלט ער זי געבעטן, זי זאָל זיך דערווייל פאַרנעמען מיט דער קאָרעק-טור פון זיין בוך, וואָס דערשיינט די טעג.
— איך מיין אַז אייער חתן וועט גאָרנישט האָבן קייגן דעם? — האָט ער אומאַנטשלאָסן געפרעגט.
— איך האָב שוין נישט קיין חתן, — איך האָב אים אָפּ-געזאָגט!
ביי זשעלטורינען האָט זיך כמעט פריידיק אַרויסגעריסן:
אַך, אַזוי, נאָך בעסער!... און באַלד האָט ער צוגעגעבן, ווי אַנטשולדיקנדיק זיך: — איר וועט איצט האָבן מער צייט — אָט וואָס כ׳האָב געוואָלט זאָגן... כאָטש בכלל איז אַלץ צום גוטסטן...
אָלגאַ האָט טרויעריק געענטפערט:
— גאָט ווייסט!.... איך האָב איבערגעשראָקן דאָס אָרימע יונגל, און ווער ווייסט, צי כ׳קען לעבן אַליין... צי כ׳קען אַרבעטן...

דעמאָלט האָט, זשעלטורין ווי אָננעמענדיק זיך מיט מוט, האַסטיק אָנגעהויבן:

— געוויס קענט איר; געוויס וועט איר זיין גליקלעך; געוויס וועט זיך דער נעפּל צעגיין, און ס'וועט אויפשיינען די זון!... צוליב וואָס זאָרגן, צוליב וואָס שרעקן זיך? האָט נישט קיין מורא און גלויבט נאָר, האָט נישט קיין מורא פאַר קיין אַנטוישונגען... מען דאַרף גלויבן, גלויבן און גלויבן, און דאָס לעבן וועט האָבן אַ זין. איך וועל זיך באַקענען מיט מיין פריינט, ניין, שטעלט זיך נישט אַ קייגן. ער איז ווירקלעך אַ גוטער ווונדערלעכער מענטש און קען אייך, כאָטש ער איז מיט אייך נישט באַקענט.

און, קושנדיק איר די הענט, האָט ער, צוגעגעבן, גלייך ווי ער וואָלט זי געבעטן וועגן ליבע.

— זענט איר מרוצה? זאָגט...

מיט אַ שטאַרק קלאַפּנדיק האַרץ, מיט פאַרפלאַמטע באַקן האָט אָלגאַ געענטפערט שטיל, ווי אַ געליבטן:

— יאָ, יאָ, מרוצה... אַבער נישט באַלד... איך וועל אייך אָנשרייבן, ס'איז מיר צו מוראדיק...

---

XXIII

טעג זענען געגאַנגען נאָך טעג און האָבן זיך אויסגעצויגן אין אַ לאַנגער אומאויפהערלעכער קייט פון לעבן. אייגנטלעך איז גאָרנישט אַוועק אַזוי פיל טעג, אָבער די ענדערונגען, וואָס זענען פאָרגעקומען ארום אָלגאַן און אין איר אַליין, האָבן געמאַכט לענגער פאַר איר די צייט. דער מענטש גלויבט קיינמאָל נישט דעם קאַלענדאַר.

אָלגאַ האָט זיך איבערגעצויגן אין אַ צווייטע וווינונג, אויף פעטראָגראַדער זייט.

דאָס צימער איז געווען באַדייטנד גרעסער, און ס'מעבל איז דאָ געווען פרישער. מיטאָג האָט דערלאַנגט אַ שטוב־מיידל

אין אַ ווייסן טשעפּעק אויפ'ן קאָפּ אין אַ ווייסן פאַרטוך; די באַלעבאַטים, מאַן און ווייב – ביידע יינגע.

דורך די אָוונטן האָבן מאַן און ווייב ליב געהאַט צו שפּילן. ער – אויף אַ פידל, זי – אויף אַ פּיאַנינאָ, און דאָס איז ביי זיי אויסגעקומען נישט שלעכט.

אין ערשטן טאָג האָט מען ביי אָלגאַן געפּייערט אַ מין חנוכת-הבית.

און ווידער האָט זשעלטורין, רויטלענדיק זיך און פאַר-ריכטנדיק פאַרלוירן די פּענסנע, געבּרענגט אַ מאַסע פּעקלעך; ס'איז געקומען ראַיסאַ מיט לעוויטאָוון.

זשעלטורין איז נאָך פריער באַקענט געווען מיטן באַלעבאָס, יענער האָט יעדערן באַקענט מיט דער פרוי. און ס'האָט זיך איינגעאָרדנט אַ מין „וועטשערינקע" די יינגע באַלעבאַטים האָבן געשפּילט, לעוויטאָוו האָט געזונגען; דערנאָך האָט מען איינגע-בעטן ראַיסאַ, זי זאָל זינגען. זשעלטורין איז אַנטציקט געווען פון איר קול און האָט געמוזט דערפאַר לייענען זיינע פערזען...

אָלגאַ איז ווידער געוואָרן פריילעך און לעבעדיק. זי האָט אַפילו דורכגעטאַנצט מיט לעוויטאָוון אַ וואַלס. אָבער מער פאַר אַלע האָט זיך טאַקע געפרייד זשעלטורין.

אַזוי ליכטיג האָט זיך אָנגעהויבן אָלגאַס נייע לעבן אין דער נייע וווינונג.

אָלגאַ האָט זיך שנעל פאַרבעסערט; ס'איז פאַרשווונדן די שוואַכקייט, ס'האָט זיך מער נישט געדרייט דער קאָפּ, נאָר די פאַרבן אויפן פּנים האָבן זיך קוים געוויזן, און דורך די נעכט האָט זי לאַנג נישט געקענט איינשלאָפן.

קיין שטעלע אין רעדאַקציע האָט זיך נאָך נישט געפונ-נען, אָבער ביי אָלגאַן אויפן טיש איז געלעגן די קאָרעקטור פון זשעלטורינס נייעם בוך.

די אַרבעט איז געווען אַ לייכטע, כמעט אַן איבריקע, ווייל דער שריפטשטעלער האָט אַליין איבערגעקוקט די בויגענס, אָבער אָלגאַ האָט זי געטון מיט פאַרגעניגן.

ווען מאַלער האָט נישט אָלגאַ, נישט זשעלטורין מער

נישט גערעדט. אָלגאַ האָט געשוויגן, אויך ניקאָלאַי גערַאַסימאָ-
וויטש האָט טאַקטפול געשוויגן.

אָלגאַ האָט געטראַכט וועגן אים דורך די נעכט, ווען זי
איז נישט געשלאָפן. בייטאָג וואָלט זי אַפילו נישט געקענט
זאָגן, וואָס פאַר אַ געדאַנקן דאָס זענען געווען. בייטאָג האָט
זי ווידער אַרומגעכאַפּט אַ שרעק, און זי האָט אָפּגעלייגט דעם
אַנטגילטיקן ענטפער אויף שפּעטער.

דאָך האָט זי אין טיפעניש פון איר האַרץ געוווסט, אַז
פריער אָדער שפּעטער וועט זי זיך באַגעגענען מיט אים, אַז זי
וועט נישט בכח זיין זיך אָפּצוזאָגן דערפון. זי איז פּאָרט גע-
ווען אַ פרוי; די נייגיריקייט האָט איבערגעוואויגן די שרעק. זי
האָט געפילט, אַז דאָס איז איר לעצטע קאָרט, און איר האַרץ
האָט ווילד געקלאַפּט. זי האָט פאַרמאַכט די אויגען אויף דער
צוקונפט, בכדי שאַרפער צו פילן דאָס פאַרגעניגן — האָט עס
איר דאָך פאַרביטן אַלע אירע פריידן...

וועגן סקאַרינינען האָט זי זיך קיין איינמאָל נישט דער-
מאָנט, — אַזוי עגאָיסטיש איז געווען איר דורשט צו לעבן,

נאָר איינמאָל, דערזענדיק דעם ברודערס רעוואָלווער,
האָט זי אַ טראַכט געטון וועגן דעם, ווי ווייט זענען איר די
אַלע, וואָס זענען איר אַמאָל נאָענט געווען...

אָבער דער גורל האָט זי געוואָלט ווי אויספּרוּוון. מיר
קומען שטענדיק ווידער אויף די ערטער, פון וואַנען מיר זע-
נען אַרויסגעקומען; זעלטן פאַרלירן מיר אויף שטענדיק די,
וועלכע מיר האָבן פריר געקענט — די וועלט איז אַזוי קליין,
אונזער לעבן איז אַזוי באַגרענעצט.

איינמאָל אין אָוונט איז צו אָלגאַן געקומען ראַיסאַ מיט
איר לעוויטאָון. און מיט זיי נאָך דריי. אָלגאַ האָט זיי אַפילו
נישט דערקענט אין בין השמשות. צוויי פרויען און אַ מאַן.
אַלע האָבן זיי געלאַכט און זיך געגנויגט, און קיינער האָט גאָר-
נישט גערעדט. זיי האָבן געוואָלט מאַכן אַ סיורפּריז.

— אָבער דאָס ביסטו דאָך, לענקאַ!

איינע פון די פרויען האָט זיך געוואָרפן אָלגאַן אין די אָרעמס.

— נו, געוויס, נאַרעלע. נו, יאָ, דאָס בין איך!

נאָך איר האָט זיך אַ וואָרף געטון די צווייטע.

— אָליעטשקאַ, טייערע, האַרציקע, מיינע...

— מאַניאַ? אָט אַ סיורפּריז!...

זיי זענען געשטאַנען אַלע דריי צוזאַמען אינ'ם האַלב-פינצטערן פּאָדערצימער, האַלטנדיק זיך פאַר די הענט, — דריי שול-חברטעס — און האָבן געקוקט איינע אויף דער צווייטער.

ערשט נישט לאַנג זענען זיי נאָך געווען מיידעלעך, האָבן געוווינט אין אַ פּראָווינץ-שטאָט און זיך געליבט אין די זעלבע אַקטיאָרן. וויפיל וואַסער איז אָפּגעשווומען זינט יענער צייט!

— און פאַרוואָס זשע באַגריסטו זיך נישט מיט נאָך אַן אַלטן פריינט? — זאָגט ראַיסאַ.

— אַך, יאָ, יאָ, זייט מוחל... אָבער דאָס איז דאָך דער באַראָן? נו, געוויס—דער באַראָן דירקס. נאָך אַ סיורפּריז!...

און זיי זענען אַלע צוזאַמען. אַזוי ווי אַמאָל, אַריין אין אָלגאַס צימער.

דאָס האָט מען, איבערשלאָגנדיק זיך, דערציילט אָלגאַן, ווי אַזוי ס'איז געשען, אַז זיי זענען דאָ.

— די זאַך איז, וואָס עס איז שוין באַלד וויינאַכטן. און דער באַראָן האָט באַשלאָסן אַ ביסל זיך צו ווײלן אין פּעט-ראָגראַד — ער וווינט דאָך איצט אויף דער פּראָווינץ, וווּ ער האָט געעפנט אַ ביוראָ און איז געוואָרן נאָטאַריוש. נו, און דאָ האָט ער זיך אין קאַפּע געטראָפן מיט לענאַן. זיי האָבן זיך צערעדט. דערמאָנט די אַלטע צייטן. און דערנאָך האָט דער באַראָן פאָרגעלייגט צוצופאָרן צו ראַיסאַן. זי איז דאָך געווען זיין סימפּאַטיע, כאַ-כאַ! מען איז געקומען צו ראַיסאַן, און דאָרט זיצט שוין אָט די גראָע מאַנקאַ. גיט נאָר אַ קוק אויף איר, וואָס איז פון איר געוואָרן — אַן אמתע סוחרטע...

— אויף קיין סוחרטע איז זי, לאָמיר זאָגן, גאָרנישט

ענלעך. וואָס איז נאָך דער מער, אַז זי איז אַ ביסל דיקער געוואָרן — זי האָט דאָך שוין חתונה געהאַט, יאָ — איר מאַן איז אַ פּאָסט-באַאַמטער, און זיי האָבן שוין אַ קינד — אַ שיין ייִנגעלע!...

— וואָס? אַזוי גיך?

— פאַרוואָס גיך? ס'איז גאָרנישט גיך — פּונקט אין דער צייט. און איצט איז זי געקומען סטאַרן זיך ביי עמעצן פאַרן מאַן. איר ווייסט, זשאָרזשס פּעטער — אַן איינפלוסרייכער מענטש, און זי איז שוין לאַנג גוט מיט אים...

— גאָט צו דאַנקן, גאָט צו דאַנקן! הייסט עס, אַז איר זענט אַזוי גליקלעך און צופרידן.

אַזוי זענען זיי געזעסן און גערעדט, דערמאָנט די באַקאַנטע, די אַלטע צייטן, מער פון אַלע האָט געלאַכט און געשריגן לענאַ. ביי איר איז אַ ביסל גרעבער געוואָרן דאָס קול, אָבער זי איז בלי ספק שענער געוואָרן — אויב מען זאָל, פאַרשטייט זיך נישט לייגן קיין אַכט אויף דעם, וואָס איר פּנים איז געפאַרבט. איר קאָסטיום איז געווען לויט דער לעצטער מאָדע, נאָר אַ ביסל צושרייענדיק.

מאַניאַ איז געוואָרן סטאָלער — מען האָט באַלד געקענט דערקענען, אַז זי איז אַ מוטער. די גאַנצע צייט האָט זי גערעדט וועגן איר זון, און אַפילו שטאָלצירט מיט אים לגבי אירע קינדערלאָזע חברטעס.

דער באַראָן דירקס איז געבליבן דערזעלבער. נאָר זיין בלאָנדער קאָפּ איז געהאָנגען נאָך נידריקער אויפן דינעם האַלדז און ס'איז שווער געווען זיך פאָרצושטעלן, ווי ער — אַ מעלאַנכאָלישער און פאַרטראַכטער — קען זיך אַן עצה געבן מיט פאַרשידענע קויף-אַקטן און אַנדערן טרוקענעם מאַטעריאַל.

און פּלוצים אַזוי ווי אַ שטיין אין שטילן וואַסער, האָט זיך אין צימער אַריינגעריסן סעריאָזשאַ.

ער איז געווען אויפגערעגט, צעמישט, מ'האָט אים נישט געקענט דערקענען.

אַ קוק טוענדיק אויף די אומבאַקאַנטע פּנימער, איז ער גלייך צוגעגאַנגען צו אָלגאַן און אַוועקגעפירט זי אין אַ זייט.

אַלע זענען געזעסן אין אָנגעשטרענגטער דערוואַרטונג. מען איז קיינמאָל ניט געווען אַזוי אויפגערעגט. און ניט געפונען קיין טעמע פאַר אַ שמועס — אַזוי האָט אַלעמען געטראָפן דעם סטו־דענטס פּלוצימדיקע אַריינקומען. מען איז געזעסן און געוואַרט אויף אָלגאַן, וועמען סעריאָזשאַ האָט אַוועקגעפירט אין פּאָדער־צימער.

ס׳איז פאַריבער עטלעכע מינוטן, אָבער דאָס שווייגן האָט אויסגעוויזן שוין גאָר לאַנג.

און פּלוצים האָט מען דערהערט אַ שטילן אויסגעשריי — גאָר אַ שטילן. אַן אַנדערס מאָל וואָלט מען עס אַפילו נישט דערהערט, אָבער איצט האָבן עס אַלע דייטלעך געהערט, און ראַיסאַ האָט זיך אַ וואָרף געטון צו דער טיר.

אין פּאָדערצימער איז געווען אינגאַנצן פינצטער, כאָטש אַן אויג אַרויסצונעמען.

אויסציענדיק די הענט, איז ראַיסאַ געגאַנגען פאָראויס.

— אָבער וווּ זענט איר? וואָס איז עס אַזוינס?

סעריאָזשאַ האָט געשוויגן.

אָלגאַ איז איז געשטאַנען ביים הענגער און, איינגראָבנדיק דאָס פּנים אין עמעצנס מאַנטל, געכליפּעט. אירע אַקסלען, וועלכע ראַיסאַ האָט אָנגערירט, האָבן געציטערט. דער גאַנצער קערפּער האָט נערוועז געציטערט.

— אָבער וואָס איז מיט דיר? זאָג, דערקלער מיר.

איר האָט געענטפערט אַ פאַרשטיקט קול, גאָרנישט ענ־לעך אויף סעריאָזשאַס, כאָטש ער האָט עס גערעדט:

— שווייג, איך בין דיר געקומען זאָגן, אַז סקאַרינין איז געשטאָרבן.

— וואָס?

ראַיסאַ האָט דערשראָקן זיך אַ וואָרף געטון אין אַ זייט.

— וואָס דרייסטו אַ קאָפּ?

און באַלד האָט זי מיט אַ וויינענדיק קול אָנגעהויבן צו־רופן די חברטעס:

— מאַניאַ, לענאַ קומט אַהער! וואָס איז עס אַזוינס? זיי זענען דאָ פון זינען אַראָפּ, און מיר איז שרעקלעך, איך וועל אָנהויבן צו שרייען!...

אין דער טיר האָבן זיך באַוויזן די איבריקע. דער באַראָן דירקס האָט אָנגעצונדן אַ שוועבעלע און געהאַלטן עס הויך איבער די קעפּ.

דאָס בלאַסע ציטערנדיקע פייערל האָט מיט אַ לייכטן קנאַקן צעגאָסן געלע רעדער ליכט.

מ׳האָט נאָר געזען לענאַס היטל און דעם באַראָנס האַנט. אַלץ אַרום איז געוואָרן נאָך שוואַרצער, נאָך געדיכטער.

אָלגאַ האָט נישט אויפגעהערט צו וויינען. אַלע האָבן זיך באַמיט זי צו זען און האָבן געגלאָצט מיט די אויגן.

— סקאַרינין איז געשטאָרבן... פאַרוואָס איז ער געשטאָרבן? — האָט אַ זאָג געטון ראַיסאַ.

— געשטאָרבן, ווער איז געשטאָרבן? — האָבן איר נאָכגעחזרט דערשראָקענע קולות.

— אַ מענטש איז געשטאָרבן, מיין חבר — האָט צערייצט אַ זאָג געטון סעריאָזשאַ. — ער האָט זיך דערשאָסן, ס׳איז אים נמאָס געוואָרן אייער ליבע געזעלשאַפט.

און, געפונענדיק אין דער פינצטער די אַרויסגאַנגס־טיר, איז ער אַוועקגעגאַנגען, צוקלאַפּנדיק מיט איר.

מאַניאַ האָט זיך געצלמט. ראַיסאַ האָט געווישט די נאַסע אויגן. דער נערוועזער באַראָן איז שנעל אַרויסגעגאַנגען פונם פּאָדערצימער.

אָלגאַ איז פאַרשוויגן געוואָרן, מ׳האָט זי נישט געהערט,— אַזוי שטיל איז זי געשטאַנען דאָרט אין ווינקל. דערנאָך, אָפּשטופּנדיק פון זיך די טרייסטנדיקע זי לענאַ, איז זי אַריינגעגאַנגען אין איר צימער און זיך אָפּגעשטעלט ביים טיש.

דורך וויפיל פיין איז זי איצט דורכגעגאַנגען: פיין פון בושה, חרטה, רחמנות, הכנעה און כעס.

דער טרויעריקער שאָטן האָט נישט אָבגעטרעטן. ס'איז אָבער נישט געווען קיין אָרט אויף קיין טרויער—מען האָט גע־מוזט אָדער אָפּזאָגן זיך פון זיך, אָדער איבעררייסן מיט דער פאַרגאַנגענהייט.

פאַר אָלגאַן איז סקאַרינינס זעלבסטמאָרד געווען נישט נאָר אַ שווערער פאַרלוסט. עפּעס איז אין איר אַליין צוזאַמען מיט אים אָפּגעשטאָרבן, און כמעט אומבאַוווסטזיניק האָט אָלגאַ געפילט, אַז זי מוז אָפּרייסן פון זיך אָט די טויטע טייל פון איר „איך", בכדי צו בלייבן לעבן. און זי האָט געוואָלט לעבן, זי האָט זיך נאָך נישט אונטערגעגעבן, וואַסיאַ, סקאַרינין—ביידע האָבן זיי געזוכט ליבע דאָרט, ווו זי איז נישט געווען, געפאָדערט פון ליבע דאָס, וואָס זי האָט זיי נישט געוואָלט געבן. און ביידע זענען געשטאָרבן.

און אָלגאַ האָט געוואָלט לעבן, זי האָט געגלויבט אין דער לעצטער אָנשטרענגונג, זי האָט נישט געקענט נישט מאַכן זי, און סקאַרינינס זעלבסטמאָרד האָט נאָך געקענט דערשטיקן אָט די אמונה. פאַרשידנאַרטיקע שטימונגען האָבן זי באַהערשט און זי האָט זיך זיי אונטערגעגעבן, ווי אָן איר ווילן.

עפּעס האָט זי געשטויסן איבערצורייסן מיט אַלעמען אויף איינמאָל, פאַרברענען די שיפן און די מינוט זיך געפונען אויפן צווייטן ברעג. ס'האָט ביי איר פאַרכאַפּט דעם אָטעם; כמעט אַ פרייד, אַן אימהדיקע פרייד האָט אַרומגענומען איר האַרץ, ווי עס געשעט מיט אַ מענטש, וואָס וואַרפט זיך אַראָפּ פונם פענצטער פון אַ ברענענדיק הויז, וואָס אַנטלויפט פון אַ זיכערן טויט צו אַן אומגעריכטן.

אירע אויגן זענען געווען טרוקן און האָבן געגלאַנצט. אויף דער שלייף האָט געקלאַפּט אַ בלאָ אָדערל. דאָס גאַנצע פּנים אירס האָט אויסגעדרוקט פעסטע אַנטשלאָסנקייט.

די פינגער פון אירע הענט האָבן געקנאַקט—אַזוי שטאַרק האָט זי זיי צוזאַמענגעקוועטשט. איר קול איז געוואָרן שאַרף־שטאָליק. אַלע האָבן אָנגעשטרענגט געקוקט אויף איר.

זי האָט געזאָגט:

— איך פאָר אין אַ רעסטאָראַן. ווער וויל מיט מיר?
קיינער האָט נישט געענטפערט. אַלע האָבן זיך געפילט אומבאַקוועם און נישט געוווּסט, ווי אַזוי זיך צו באַציִען צו אירע ווערטער.
ראַיסאַ האָט זיך צווּעקגעדרייט און אָנגעהויבן איילנדיק זיך צו קלויבן אַ היים.
אָלגאַ האָט פּעסט איבערגעחזרט. אין איר קול האָט איצט געקלונגען איראָניע:
— נו, קיינער האַלט נישט אונטער מיין פאָרשלאַג? אויב אַזוי פאָר איך אַליין — מען וועט וואַרטן דאָרט אויף מיר.
זי האָט עפּעס אָפּגעזוכט ביי זיך אין טאַש און אָנגעהויבן צו שרייבן אויף אַ שטיקל פּאַפּיר. שנעל-שנעל איז געלאָפן איר האַנט.
— ניין, פּאַרוואָס נישט, מיר האָבן גאָרנישט קעגן דעם — האָבן אין איין קול אָנגעהויבן צו רעדן לעוויטאָוו און דער באַראָן.
זיי האָט באַלד אונטערגעהאַלטן לענאַ. אירע שוואַרצע קיילעכדיקע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן, די נאָז-לעכער האָבן זיך צעבלאָזן.
— געוויס, דאָס איז זייער גוט! מיר מוזן זיך צעשטרייען. מ'קען דאָ נישט זיצן און קלאָגן! אָלגאַ איז, ווי שטענדיק אַ „מאָלאָדיעץ". נו, האָט זיך דערשאָסן אַ מענטש, ס'איז אים נמאָס געוואָרן צו לעבן—דאַרפן מיר נאָך נישט צוליב דעם די נעז אַראָפּלאָזן.
אָלגאַ האָט זיך אויסגעגלייכט, האַלטנדיק אין דער האַנט אַ פאַרחתמעטן קאָנווערט.
— הייסט עס, פאָרן מיר?
— מיר פאָרן, מיר פאָרן...
שוין אין פּאָדערצימער האָט ראַיסאַ אָפּגעשטעלט אָלגאַן אין אַ זייט, קוקנדיק איר טיילנעמענד אין די אויגן.
אָלגאַ האָט טרוקן געפרעגט:
— וואָס ווילסטו?

— ניין, אַזוי... גאָרנישט... כ'האָב נאָר געוואָלט פרעגן, צי ס'איז נישט בעסער פאַר דיר צו בלייבן אינדערהיים... די נערוון קענען נאָך נישט אויסהאַלטן...

שאַרף, ווי נאָך קיינמאָל נישט, האָט איר אָלגאַ איבער-געריסן:

— איך בעט זיך נישט צו באַאומרויקן וועגן מיר... איך ווייס אַליין, וואָס כ'טו!...

---

XXV

פעטראָגראַד האָט געזען זיין לעצטן קראַנקן חלום. אינם פּראַקטיקן נעפּל פונם פרימאָרגן האָבן זיך שוין געהערט קולות און עמעצנס טריט.

די קעכינס זענען געגאַנגען איינקויפן. ווען די מענטשן כאַפּן זיך אויף, דערמאָנען זיי זיך אָן זייער קערפּער.

עס האָט נאָך געהאָנגען אין דער לופט דאָס נאַכטיקע קלונגען פון די טעלעגראַפן-און-טעלעפאָן-דראָטן פון אָט דער אייגנאַרטיקער האַרפע פון שטאָדט.

פון דער ראָזער הויך האָט זיך געשאָטן דער טוי. ער האָט פאַרפּולט די גאַנצע לופט מיט זילבערנעם ציטערנדן שפּינ-וועבס.

אייגנאַרטיק האָט געסקריפּעט דער שניי אונטער די שליטנס. די גאַסן זענען ברייטער געוואָרן.

דער, וואָס איז נישט געשלאָפן ביינאַכט, גלויבט נישט, אַז דער אָנקומענדיקער טאָג וועט אים ווידער אומקערן צום פריערדיקן לעבן.

דער, וואָס האָט זיך אויפגעכאַפּט אַזוי פרי, וויל זיך דערמאָנען אינם נעכטן, בכדי צו פאַרגעסן דעם שלאָף.

אינם ווינטערדיקן פרימאָרגן דערציילן די הייזער — אָט די שטיינערנע קאַסטנס, אין וועלכע ס'באַהאַלטן זיך די מענטשן — איינער דעם צווייטן זייערע סודות, און ווי דעם, וועלכער

הערש זיי אונטער: ער וועט ווערן שרעקעוודיק, אַזוי ווי די פאַרחאָנגענע פענצטער, וואָס האָבן מורא ביינאַכט צו קוקן אויף דער גאַס און היטן אָפּ די אומפאַרשמעלקייט פון די ווינוונגען.

אינם ווינטערדיקן פרימאָרגן, ווען פעטראָגראַד פרוווט אַ שמייכל טון צום נייען טאָג, ווען די סטרוזשעס גייען אַרויס מאַכן אַן אָנשטעל, אַז זיי רייניקן די גאַסן, די פּראָסטיטוטקעס, קערן זיך אום שלעפערדיקע אַהיים, גנבים ווערן ערלעכע מענטשן, און די זון, דער גרעסטער שטיפער אין דער דאָזיקער שטאָט, באַשליסט זיך אַ קוק צו טון אויף דער ערד—אינם ווינטערדיקן פרימאָרגן איז אָלגאַ צוגעפאָרן אויף אַ „טראָיקאַ" צום טויער פון איר היים.

זי איז געזעסן מיטן באַראָן, לענאַ מיט שירווינסקין, ראַיסאַ מיט לעוויטאָוון. די עטוואָס אָנגעשוואָלענע פּנימער האָבן געברענט פון פראָסט, די קולות האָבן שאַרף געשניטן די לופט.

די פערד האָבן געהירזשעט און געטאָפּטשעט אויפן אָרט קלונגנדיק מיט די גלעקלעך.

שוין צו שנעל האָבן זיי געברענגט אַהער פון די אינזלען דעם ברייט-פליגלדיקן שליטן. ס'האָבן אַ שוועב געטון די אָפּ-געפּודערטע סאָסנעס, די ווייסע סטענגעס פון טייך, דער היל-כיקער קאַמענאָאָסטראָווסקי.

מען דאַרף זיך געזעגנען, ס'איז דאָרט געווען — אַזוי אומ-געלומפּערט, די גאַנצע לאַנגע נאַכט — דאָס נאַכטמאָל אין רעס-טאָראַן, דאָס אַרויסרופן אַהין שירווינסקין, דער „אַקוואַריום", שאַמפּאַניער, און דאָס געלעכטער, און די אַנעקדאָטן, און די שאַרפע הויכע קולות, און די קושן.

באַראָן דירקס, אָט דער פריש געבאַקענער נאָטאַריוש, וואָס האָט באַשלאָסן זיך צו ווײַלן אין פעטראָגראַד, איז געווען זייער קאָמיש. ער האָט דעקלאַמירט פערזן און געקושט אירע הענט. דער קאָרעקטער שירווינסקי, אין אַ סמאָקינג, מיט אַ ריזיקן אָפּאַל אויפן פינגער, ער איז אויך געוואָרן מיטגעריסן, און זיינע אויגן האָבן געגלאַנצט.

— אַדיע ...

— אונזער געטין, אונזער זון, אַדיע! שרייט דער באַראָן.
אַלע לאַכן. אינם ראָזן טוי רייסט זיך דאָס געלעכטער און ווערט אויגנבליקלעך פאַרלאָשן.

שירווינסקי איז אַראָפּ פון שליטן, כּדי צוצוהעלפן אָלגאַן.
ער האָט זי געהאַלטן פאַרן עלנבויגן און געפּליסטערט:
ווען מיר היינט אין דער פרי זיין ביי דיר מיטן פירשט... דערוואַרט אונז..
יאָ, יאָ, געוויס...

דער פאַרשלאָכענער שווייצאַר האָט אויפגעעפנט די טיר. די גראָע, טונקעלע טרעפּ, אַ קלונג, דאָס האַלב-אָנגעטועטע דינסטמיידל און ענדלעך, איר צימער.

אָלגאַ האָט זיך אָפּגעשטעלט און אַ פּיר געטון מיט די הענט איבער די פאַרפרוירענע באַקן און שטערן. עפּעס האָט געזשומעט אין קאָפּ. אָבער די געדאַנקען זענען, ווי נאָך קיין-מאָל נישט, געווען קלאָר, נישט קיין טרויער, נישט קיין חרטה; ס'האָט זיך געדאַכט, אַז אַלץ איז שוין לאַנג באַשלאָסן און באַטראַכט, אַז שוין לאַנג איז איבערגעריסן געוואָרן מיט דער פאַרגאַנגענהייט.

זי איז זיך דורכגעגאַנגען איבערן צימער, האָט איבער-גערוקט אַ שטול, פאַרריכט די סטאָרן. אויף אַ מינוט איז זי פאַרגליווערט געוואָרן ביים פענצטער, וואָס איז אינגאַנצן באַ-מאָלן געווען פון פראָסט און האָט אַריינגעלאָזט אין צימער דאָס ראָזע פרימאָרגנדיקע ליכט. די פראָסט. מאָלערייען האָבן זיך צונויפגעפלאָכטן אין סודותדיקע בלומען, זיך צעשיט אין שטראַלנדיקע שטערן, זיך פאַמעלעך באַוועגט פון אויבן אַראָפּ. אויסגעמישט זיך, און ווידער געפינקלט מיט נייע געמעלן.

אָדער ס'האָט זיך אַזוי געדרייט דער קאָפּ און ס'האָבן זיך געקלעבט די אויגן?...

אָלגאַ איז אַוועקגעגאַנגען פון פענצטער און זיך געלייגט אויפן בעט. באַלד האָט זי אַרומגענומען אַן אומגעווייןלעכע שוואַכקייט.

דאָס ראָזע ליכט איז פאַרשוואונדן און עס איז געוואָרן פינצטער, ווי ביינאַכט.

ווען אָלגאַ האָט זיך אויפגעכאַפּט, איז שוין געווען העלער טאָג.

אויפן פענצטער זענען צעגאַנגען די זילבערנע געמעלן, און מ׳האָט געזען דאָס געלע הויז קייגנאיבער. אין שטוב האָט מען שוין געקלאַפּט מיט די טירן און געקלונגען מיט די גלעזער.

אָלגאַ האָט זיך אויפגעהויבן און צוגעזעצט צום שפּיגל. זי האָט זיך איינגעקוקט אין איר פּנים, וואָס זי האָט שוין לאַנג נישט געזען. צאַרטע פאַרבן האָבן דורכגעשלאָגן דורך דער ווייסער הויט. די פאַרפלאָנטערטע, אין שלאָף, גאָלדענע האָר זענען געפאַלן אויפן שטערן און צוגעגעבן איר פּנים אַן אויסדרוק פון אַ קליין מיידעלע, די אויסגעביילטע אויגן זענען געוואָרן טיפער און העלער, די, פּאַר דער לעצטער צייט אויסגעבלייכטע ליפּן זענען איצט געווען רויט פונם וויין.

— יאָ, איך בין שיין, — האָט אָלגאַ געזאָגט, און פּלוצים איז איר פּנים געוואָרן אויפמערקזאַם און ערנסט, די אויגן האָבן געקוקט אין שפּיגל. דאָרט, אין שפּיגל האָט זיך געזען אונטער איר דער טיש, אויף אים אַ לאָמפּ, אַ גלאָז מילך, נישט אויסגעטרונקען פון נעכטן און עמעצנס אַ בריוו.

יאָ, לעבן גלאָז איז געלעגן אַ בריוו מיט אַ שטאָטישן סטעמפּל.

אָלגאַ האָט זיך האסטיק אויפגעהויבן. איר האַרץ האָט געקלאַפּט. די פינגער האָבן געציטערט, ווען זי האָט גענומען דעם קאָנווערט מיט אַן אומבאַקאַנטער מענער־האַנטשריפט און צעריסן אים.

אַ געוויסע צייט האָט זי אַפילו נישט פאַרשטאַנען, וואָס אין בריוו איז אָנגעשריבן — אַזאַ אויפרעגונג האָט זי אַרומגעכאַפּט. דערנאָך איז זי אַנידערגעפאַלן אויף אַ שטול און זיך צעוויינט. זי האָט געביסן די ליפּן און געוויינט שטיל, אָן שלוכצן, אָן קרעכצן, פּשוט אַ טראָפּן נאָך אַ טראָפּן האָבן זיך געגאָסן די טרערן, גלייך ווי ס׳וואָלט עפּעס אַריין אין אויג

און געקיצלט די אויגן-הייטלעך. זי איז געזעסן, פאַרבייסנדיק די ליפּן, און די טרערן האָבן זיך, ווי פון זיך אַליין, געגאָסן און אין די הענט איז געלעגן דער פאַרגעסענער בריוו.

אָט איז עס, ענדלעך, דאָס ריזיקע גליק! גאָט מיינער, ווי לאַנג זי האָט געוואַרט אויף דעם, ווי זי האָט מורא געהאַט פאַר דעם און נישט געגלויבט, אַז ס׳קען קומען.

נו, יאָ, אָט איז עס, ענדלעך, געקומען צו איר אין דעם פרימאָרגן. ווי זי האָט זיך אויסגעמאַטערט, ווי מיד זי איז... יאָ, זייער מיד... ס׳וואָלט גוט געווען, ווען עמעצער זאָל קומען אין זי שטיל-שטיל גלעטן איבערן קאָפּ און אַ קוש טון אין שטערן, ווי די מאַמע.

ווי פּשוט ס׳איז, ווי קלאָר — אָט דאָס גליק. ס׳האָט זי גאָרנישט איבערראַשט, ס׳איז געקומען און ס׳האָט זיך צעגאָסן אַרום, ווי אַ ווייסער וואָלקן. און מען דאַרף זיצן און שווייגן, בכדי ס׳זאָל זיך נישט צעגיין, ווי אַ וואָלקן.

נאָר די טרערן... די נאַרישע טרערן —גיסן זיך און גיסן זיך פון די אויגן און פאַלן אויפן שויס, אויפן בריוו.

אַזוי האָט זי נאָך קיינמאָל נישט געוויינט.

---

## XXVI

און פּלוצים האָט אַ ברויזנדע פרייד אָנגעפולט איר האַרץ, און זי איז האַסטיק אויפגעשטאַנען פון דער שטול.

דעם מאַנטל, דעם הוט, די „מופקע" - שנעלער-שנעלער.

אַלגאַ איז געלאָפן איבער די טרעפּ, געלאָפן איבער דער גאַס, נישט באַמערקנדיק גאָרנישט, נישט זעענדיק קיינעמען. זי איז אַריין אין אַ בלומען-געשעפט, ס׳האָט אַ קלונג געטון די שויבן-טיר, ס׳האָט אַרומגענומען אַ דופטיקער פאַריקער וואָלקן.

— בלומען!

— וואָסערע ווינטשט איר זיך, פרײלין?

— פאַרשידענע... לאַנדיק, גוואָזדיקעס, רויזן, כדיזאַנטעמעס...

אַלץ, וואָס מעגלעך איז... אָבער שנעלער, שנעלער... און אָט האָט איר געלט... אַלץ, וואָס איך פאַרמאָג — דאָס האָב איך נעכטן באַקומען, און היינט דאַרף איך גאָרנישט אַחוץ בלומען...

זי האָט אויסגעשיט אויפן טיש ס'גאַנצע געלט, וואָס זי האָט נעכטן באַקומען — צען גאָלד-שטיק... די געלע רעדעלעך האָבן זיך, קלינגנדיק, צעשאָטן איבערן גלאָז. זי האָט געקוקט אויפן פאַרוואונדערטן אָנגעשטעלטן און קינדיש געשמייכלט צו אים.

וואונדערט זיך נישט... איך בין נישט קיין משוגענע... נאָר איך בין זייער גליקלעך און האָב זייער ליב בלומען... פאַר מיר איז אַ קלייניקייט אַוועקצוגעבן אייך אַזוי פיל געלט— צו מיר וועט דאָך היינט קומען מיין חתן!

און מיט אַזאַ פרייד שיינט איר פנים, אַז דער אָנגעשטעלטער הויבט אויך אָן צו שמייכלען, און ער וואונדערט זיך שוין נישט.

שנעל און פלינק פאַרוויקלט ער אין פאַפּיראָס - פּאַפּיר טעפּ מיט בלומען.

— זאָל איך זיי אָפּשיקן?

— ניין, זאָל זיי דאָס יינגל פירן צוזאַמען מיט מיר. אָבער שנעלער.

און אָט איז זי ביי זיך אין צימער, און אַרום איר שטייען טעפּ מיט בלומען, בלומען ליגן אויפן בעט, אויף דער פּאָד-לאָגע, אויפן פענצטער. און זי איז, ווי אַ בת-מלכה צווישן אָט דער גאַנצער פּראַכט. כ'לעבן, אַזוי ווי דער מאַמעס אַ קליינע בת-מלכה.

אויף יענער זייט פענצטער איז אַ פראָסט און שניי. און ביי איר האָט זיך צעבליט אַ גאָרטן פאַר איר התנס וועגן.

אָט איז דאָך זיין בריוו. ער האָט איר אַליין אָנגעשריבן, אַז ער האָט באַשלאָסן היינט צו קומען צו איר, נישט וואַרטנ-דיק אויף איר ענטפער. אַז ער איז גרייט זי ליב צו האָבן, כאָטש ער קען זי נאָך נישט. ער קושט געדאַנקלעך אירע האָר. דער בריוו ליגט פאַר איר, און זי שלאָפט דאָך נישט.

זי זיצט ווירקלעך דאָ ביי זיך אין צימער, נאָך אַ שלאָפּלאָזער נאַכט, און אַרום איר עטעמען בלומען...

אָלגאַ איז ווידער צוגעגאַנגען צום שפּיגל. זי האָט אַ קוק געטון און זיך צעלאַכט פון גליק. זי האָט זיך נאָך קיינמאָל נישט געזען אַזאַ שיינע. און ווי גוט איז, וואָס זי איז אין אַ פּשוט בלאָ קליידל, און די האָר זענען אַראָפּגעלאָזט אויף די אויערן, אַזוי ווי ביי אַ מיידעלע.

זי איז געשטאַנען און געשמייכלט, נאָר פּלוצים איז אַ שאָטן אַדורך איבער איר פּנים. די אויגן זענען פאַרשטאַרט געוואָרן, די הענט זענען אַרונטערגעפאַלן. אָלגאַ האָט געפילט, אַז די פרייד, דאָס גליק, דער ווייסער וואָלקן, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט צו איר, שווימט אַוועק, צעגייט, פאַרלאָזט זי.

זי האָט געמאַכט געוואַלדיקע אָנשטרענגונגען, בכדי עס צו פאַרהאַלטן, זי האָט זיך אַפילו אויסגעצויגן, צוזאַמענגעדריקט די שלייפן מיט די קאַלט געוואָרענע פינגער, זי האָט געפּרוווט שמייכלען. אָבער די גייסטיקע כּוחות, וואָס האָבן זיך אומגעקערט צו איר מיט דער האָפענונג און בלומען, האָבן זי פאַרלאָזט, אָן אַ ממשותדיקע סיבה זיך אַוועקגעגליטשט פון איר, און וואָס ווייטער, אַלץ שנעלער, אַזוי ווי ס'פאַלן די פיזישע כּוחות פאַר חלשות. די צעשרויפטע נערוון, דער שוואַך-געוואָרענער ווילן זענען שוין נישט בכּוח געווען אונטערצוהאַלטן איר פריידיקע שטימונג, און ערגעץ-ווו האָט איינזאַם, פאַרלאָזן געקלאַפּט און געוויינט דאָס האַרץ, געבעטן מנוחה ביי דער אויסגעמאַטערטער נשמה און נישט געפונען קיין אָפּקלאַנג.

אַן אומענדלעכע גלייכגילטיקייט, אַ גייסטיק חלשות האָט אָפּגעקאָוועט אָלגאַן. זי האָט זיך געפילט אַזוי, ווי ס'פילט זיך אַ מענטש, ווען ער וויל אויפהויבן די נאָר וואָס פאַראַליזירטע האַנט און זעט מיט שטוינונג, מיט הכנעהדיקער פאַרצווייפלונג, אַז זי איז אומבאַוועגלעך און וואַרפט זיך נישט אונטער זיין ווילן.

אויף אַ געוויסער צייט זענען די געדאַנקען ערגעץ אַוועק. אָלגאַס גאַנצע וועזן איז אַרומגענומען געוואָרן, ווי מיט אַ נעפּל.

ענדלעך, איז דער אָפּגעשוואַכטער, קוים דערוואַרטער געדאַנק אַוועק, — אַ תּכנעהדיקער — נאָכן געפיל, און ס'איז געבוירן די שרעק, די שרעק פאַר דער אָנקומענדער מינוט.

ניין, ניין, מ'דאַרף נישט. אָבער די שרעק איז געוואַקסן, איבערגעגאַנגען אין אַן אימה! אָבער וואָס איז עס מיט איר ענדלעך?

ניין, אַזוי קען מען נישט מער, מען קען נישט. אייביקע שרעק.

ניין, ניין, אַזוי טאָר נישט זיין, אַזוי וועט נישט זיין. ווי האָט זי גאָר געוואַגט צו טראַכטן דערפון? זי איז אַזוי מיד.

זאָל ער געפונען נאָר איר קערפּער, נאָך אַזוי שיין, ווי דעמאָלט, ווען זיי האָבן זיך דאָס ערשטע מאָל דערזען, און די נשמה, די נשמה וועט ער נישט זען, ער וועט זיך נישט דערשרעקן פאַר איר חושך, ער וועט זי נישט דערקענען. זי וועט פאַר אים אויף שטענדיק פאַרבלייבן אַ געוואונטשענע און ריינע, ריינע...

און פּלוצים האָט זי זיך דערמאָנט, היינט איז דאָך דער צוויי און צוואָנציקסטער דעצעמבער... יאָ, יאָ, פּונקט אַ יאָר איז פאַריבער פון דער צייט, פון יענעם שניייִקן טאָג, ווען צו איר איז געקומען די ליבע. ווי שאַרף האָט זיך אַ דריי געטון דאָס ראָד פון איר לעבן, ווי שנעל ס'האָט זי געבּרענגט צום סוף...

אָבער פאַרוואָס נישט לעבן ווייטער, נישט קעמפן? עס לוינט זיך פּשוט נישט... מען דאַרף נישט, ס'איז שוין צייט צו ענדיקן מיט דעם אַלעמען... אָט וועט קומען צו איר דער געליבטער און ס'וועט שטאַרבן איר נישט אָפּגעהיטענע ליבע. זי קען נישט בויען, און ווי קען מען לעבן אויף חורבות? און פאַרוואָס האָט זי זיך גראָד איצט דערמאַנט אָן דעם חלום, וואָס האָט זיך איר געחלומט, ווען די מוטער איז געשטאָרבן?

זי האָט אַנידערגעלייגט די הענט אויפן טיש, אָנגעבויגן אויף אַ מינוט דעם קאָפּ און דערזען דאָס פיינלעכע פּנים פון דער הייליקער גאָטס-מוטער, און באַלד נאָכדעם האָט אַ בליץ געטון אין איר באַוווסטזיין: „כ'גיי צו אייך, בלייך ייִנגל וואַסיאַ,

צאַרטער ליבנדער סקאַרינין". און זי האָט אַ שמייכל געטון אַזוי מילד, ווי אין חלום. רויק און שטיל איז איר געוואָרן אויף דער נשמה, אַזוי ווי קינדווייז, ווען זי פלעגט גיין זיך מתוודה זיין.

זי האָט זיך פאַרגעסן, אַוועקגעשווימען ערגעץ ווייט-ווייט, אויף אַ מינוט זיך דערפילט לייכט, אומערדיש און קליין, און דערזען דאָס גאָלדענע זאַמד אונטער דער זון, און דעם ליב-לעכן הימל, און דערהערט, גלייך, ווי גאָר נאָנט וואָלטן גע-צווישטשעט פייגעלעך. ס'איז אַזוי זיס געווען צו הערן זייער שטילן שמועס. אָבער אַ קלאַפּ אין דער טיר האָט זי אומגע-קערט צום לעבן.

נישט ווילנדיק איז אָלגאַ אויפגעשפרונגען פון דער שטול, האַלטנדיק זיך פאַרן האַרץ, וואָס האָט שרעקלעך געקלאַפּט, זיך אויסגעצויגן — אינגאַנצן שרעק און אויפמערקזאַמקייט. אומבאַ-וווסטזיניק האָט זי מיט דער קאַלט געוואָרענער האַנט אַ כאַפּ געטון דעם רעוואָלווער און אים שנעל באַהאַלטן אין בוזעם אונטער דער בלוזקע. די אויגן האָבן זיך שאַרף איינגעגראָבן אינעם ווייסן פלעק פון דער טיר.

— מען מעג אַריין!

שמייכלענדיק זיס, איינבויגנדיק זיך הכנעהדיק, איז אין צימער אַריין שירווינסקי, און נאָך אים, האָט זיך מיט קליינע טריטעלעך אַריינגערוקט אַן אַלטיטשקער מיט גראָע באַקנבערד, וועלכער האָט פאָרזיכטיק געטראָגן פאַר זיך אַ בוקעט בלומען.

— דערלויבט אייך פאָרצושטעלן דעם פירשט... — האָט אָנגעהויבן שירווינסקי.

ביידע האָבן געהאַט פייערלעכע, עטוואָס פאַרוווּנדערטע פנימער. זיי האָבן געקוקט אויף אָלגאַן, אויף די בלומען. דער געדיכטער דופט האָט זיי באַטויבט...

אָנגעשטרענגט האָט זיך אָלגאַ איינגעקוקט אין זייערע פנימער. אויף אַ מינוט האָט פּאַס איר פאַרכאַפּט דעם אָטעם, בלאָע רעדער האָבן זיך באַוויזן פאַר די אויגן, אָבער זי האָט זיך באַהערשט, גובר געווען די שוואַכקייט, וואָס האָט אַרומ-

צענומען דעם קעפּעלע און באַלד פֿאַרשטאַרט געוואָרן — אַ פראָסט האָט אַרומגענומען דאָס האַרץ. נאָך איין אָנשטרענגונג — און אָלגאַ האָט שוין רויק דערלאַנגט די אַריינגעקומענע די האַנט, מיט ווירדע דערלויבט דעם פירשט זי אַ קוש צו טון.

שירווינסקי האָט געשמייכלט. ער איז צופרידן געווען פון אָלגאַס אויסגעהאַלטנקייט. ער איז שוין גרייט געווען שלום צו מאַכן מיט דער מאַסע בלומען, וואָס האָט פֿאַרפולט דאָס צימער.

ווען אָלגאַ האָט אָנגעהויבן צו רעדן: האָט ער צושטימענד געשאָקלט מיטן קאָפּ. ס׳איז אים געפעלן, וואָס איר קול איז, כאָטש אַ ביסל פֿאַרשטיקט, אָבער שטיל און גלייך.

זי האָט געזאָגט:

— איר זענט געקומען פּונקט אין דער צייט. איך האָב אייך דערוואַרט...

און דערנאָך, ווי דערמאָנענדיק זיך אָן עפּעס, צוהערנדיק זיך צו עפּעס אַ ווייטן, נאָר דורך איר געהערטן גערויש, האָט זי צוגעגעבן:

— און איך וועל באַלד קומען, וואַרט צו אַ מינוטקעלע־בישט לאַנג... איך וועל זיך איבערטון.

און מיט גלייכע טריט, גלייך ווי זי וואָלט זיך געזאָרגט וועגן עפּעס אַן אומבאַדייטנדעס, געווײַנלעכס, איז זי געגאַנגען פאַרביי שירווינסקין און דעם פירשט פון איר צימער אינם טונקעלן ווינקל פון קאָרידאָר.

דער פירשט האָט אַן אַנטציקטער, געגלעט די באַקנבערד. שירווינסקי, האָט פילבאַדייטנד געפליסטערט:

— איר זעט, איך האָב דאָך אייך געזאָגט!...

---

## עפּילאָג

ווייסע ווייכע פלאַכעס שניי האָבן סודותדיק, שטיל און שנעל פאַרשפרייט די ערד. לייכטע שמעטערלינגען האָבן געשוועבט אינם בלייכן ליכט פונם ווינטערדיקן טאָג.

די מענטשן זענען געגאַנגען פאַרזשמורעט די אויגן און געשמייכלט צו זיך אַליין. פרייליכער האָבן געקלונגען די גלע־קלעך. ביי די מיידלעך האָבן שעמעוודיק זיך גערויטלט די באַקן פון אונטער די, דורכן פראָסט אָפגעווייסטע האָר, און ביי די מענער האָבן גוטמוטיק אַראָפגעהאָנגען די וואָנסעס.

אין אַזאַ טאָג, ווען צו דער שלאָפנדער בת־מלכה קומט דער פאַרליבטער בן־מלך; ווען אויף די פעלדער צעבליען זיך בלאָע בלומעלעך מיט אויגן, ווי די אויגן פון דער געליבטער, וואָס פאַרמאָגן אין זיך אַן אָפגלאַנץ פון דער נשמה; ווען די נשמות פון די דערטרונקענע בעטן און וויינען איבער זייערע זינד, און ס׳ווערט דערפון בלאָער דאָס אייז, און ס׳הערט זיך איבערן טייך אַ שטיל גערויש — אין אַזאַ טאָג זענען צוויי מענ־טשען — איינער אַ הויכער, אַ דיקער, אין אַן אַלטמאָדישן צילינ־דער, דער צווייטער אַ קלענערער, אַ דינערער, אין אַן אָפגע־טראָגן פוטערן היטל — געגאַנגען איבער איינער פון די שטילע גאַסן אויף דער פעטראָגראַדער זייט.

צוגייענדיק צו אַ געוויסן טויער, האָבן זיי זיך שווייגנ־דיק אויפגעהויבן אויף די טרעפ.

די טיר, פאַר וועלכער זיי האָבן זיך אָפגעשטעלט, איז געווען אויפגעפראַלט. עמעצנס צעמישטע פנימער האָבן זיך גע־זען אינם קאָרידאָר.

דעמאָלט איז דער הער אין צילינדער שנעל אַריינגעגע־גאַנגען און געפרעגט:

— פריילין אָרג אין אין דערהיים?

אָבער די, מיט עפּעס פאַרנומענע, שווייצאַר און סטרוזש האָבן אים נישט געענטפערט, און דאָס שטוב־מיידל איז דער־שראָקן פאַרבייגעלאָפן און אַ מאַך געטון מיט דער האַנט.

אין אָלגאַס צימער איז געווען פוסט, און עס האָבן גע־וועלקט דופטנדיק, די פאַרגעסענע בלומען.

דער דיקער הער האָט זיך, אַ פאַרלוירענער, אָפגעשטעלט. צופיל בלומען איז דאָ געווען, און צו שטיל האָט אויסגעזען דאָס פאַרלאָזטע צימער.

מ'האָט אים אַ רוף געטון. ער האָט זיך אומגעקוקט. אין דער טיר איז געשטאַנען זיין באַגלייטער.

— קום שנעלער... אָבער קום שוין !...

אין עק קאָרידאָר, אונטער דער קליידער-שאַפע, ווו אַ האַנט פון אַ באַלעבסאָטע האָט אויפגעהאָנגען אַ פאַרביק פאָר-הענגל, וואָס האָט אָפגעטיילט דאָס פינצטערע ווינקל מיט כל-ערליי אַלטוואַרג — דאָרט האָבן זיך ביים שיין פון אַ ליכט גע-געשטופט עטלעכע מענטשן, אַמפערנדיק זיך וועגן עפּעס און אָכצנדיק.

אַ יינגער הער מיט העלע וואָנסעס און גראָע, קאַלטע, בישט קוקנדיק אויף זיין אויפרעגונג, אויגן, האָט אַ זאָג געטון:

— מען דאַרף זי דאָך אַריינטראָגן אין צימער אַריין... וואָס פאַר אַ העסלעכקייט !

און דאָס גלייכגילטיקע קול פונם סטרוזש האָט געשעפּטס-מעסיק געענטפערט:

— ס'איז אוממעגלעך. מ'האָט געהייסן וואַרטן אויף פּאָליציי.

דער דיקער הויכער הער, איז, שטופנדיק זיך פאָראויס, אומקוקנדיק זיך פאַרלוירן, און, פרעגנדיק: „וואָס איז, וואָס ?"— פּלוצים שווער אַנידערגעפאַלן אויף די קני און ביטער זיך צע-וויינט. די פענסנע איז פון טרערן פאַרשמירט געוואָרן, אָבער ער האָט זי נישט אַראָפּגענומען.

ער האָט געפּליסטערט, אַ דערשלאָגענער, שאָקלנדיק מיטן קאָפּ, איבערחזרנדיק איינס און דאָס זעלבע:

— ווי אַכזריותדיק איז דאָס לעבן !... גאָט, ווי אַכזריותדיק !...

און דער פריינד זיינער איז, אָפּשטעלנדיק זיך אונטער אים, פאַרגליווערט געוואָרן און, נישט אָפּרייסנדיק זיך, געקוקט פאַר זיך.

ביי זיינע פיס איז, אָנשפּאַרנדיק זיך אומגעלומפּערט אינם קופערט, אומבאַוועגלעך געלעגן אַ מיידל מיט אַ בלייך לענגלעך פּנים, מיט בלאָע ליפּן מיט אויפגעהויבענע ווינקלען און מיט פאַרשטאַרטע האַלב-פאַרמאַכטע אויגן.

די שלאַנקע הענט זענען געווען צעשפּרייט, און די האָר, וועלכע האָבן ביים מיידלס פאַלן, געמאַכט אַ צייכן אויפן דיקן שיכט שטויב, וואָס האָט באַדעקט דעם קופערט, האָבן זיך צו־נויפגעפּלאָנטערט אין אַ נעבעכדיקן אומגעלומפּערטן קלימפּן.

אויפן בלאָען קלייד האָבן זיך געזען פייכטע פלעקן פון בלוט.

# ענדע

